# דער יוד

**DER JUDE**

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעססען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף".

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך־אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

קראקויא, תמוז תרס"א. | נומער 28. | Krakau, 11 Juli 1901.


| ה. תרס"א ← וואכען־קאלענדער (לוח) ← 1901 | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| די טעג פון חודש | וואך | תמוז, ליפיעץ־יולי | | נייער ס. יולי | אלט. ס. יולי |
| כ"ז | זונטאג | | ליפיעץ *) | 14 | 1*) |
| כ"ח | מאנטאג | | | 15 | 2 |
| כ"ט | דינסטאג | | | 16 | 3 |
| א' | מיטוואך | ראש חדש אב. | | 17 | 4 |
| ב' | דאנערס. | | | 18 | 5 |
| ג' | פרייטאג | | | 19 | 6 |
| ד' | שבת | פרשת דברים. | | 20 | 7 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| כ"ז | ג. תת"ל | האבען די קנאים בעזיעגט דעם רומישען חיל. |
| כח | ה. י"ג | האט פאפסט אינאצענץ IV פערבאטען צו בעשולדיגען יודען אין עלילת-דם. |
| כח | ה.תקכ"ד | געהרגיט עקרה"ש ר' יהודה וואלף אין לוצק. |
| כט | ד. תתנ"ו | האבען די I קרייצפאהרער בערויבט די יודען אין רעגענשבורג. |
| „ | ד תתס"ה | געשטארבען רש"י ז"ל. |
| א | ג. תי"ג | איז עזרא מיט די עולי גולה געקומען קיין ירושלים. |
| ב | ג. תת"ל | האט טיטוס אנגעהויבען צושטערען די מויערן פון ירושלים. |
| ג | ה. ת"ח | געהרגיט אין פולנאה עקדה"ש 10,000 יודען. |
| „ | ה. תרכ"ז | האט קיסר אלכסנדר II מבטל געווען די הערשאפט פין די פירסטען אין דאגעסטאן (קאווקאז) און 51 יודישע פא-מיליעס זענען בעפרייט געווארען. |

## אינהאלט.




## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז: ביי אונזערעס פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodź, Cegielnianastr. 36.

דער "יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

עס דרוקט זיך

# די וועלטגעשיכטע

## דער צווייטע באנד

נעשריעבען נאָך די נייעסטע פאָרשונגען. אונטער דער רעדאקציאָן פון

**ש. ראזענפעלד** און **י. ראזענבערג.**

### אינהאלט:

#### ערשטע אבטהיילונג.

##### יודישע געשיכטע.

1) פון דעם איינוואנדערן פון די יודען קיין כנען ביז צום ערשטען יודישען מלך.
2) די פעראייניגטע יודישע מלוכה, פון שאול ביז רחבעם.
3) די יודישע וועלטליכע קולטורא.
4) פון צערפאלען פון דער יודישער מלוכה ביז איהר פאלען.
5) די יודישע גייסטיגע קולטורא ביז צום ערשטען חרבן.
6) די יודען אין בבל און זייער אומקעהרען זיך צוריק קיין ארץ ישראל.
7) די יודען אונטער פערסישער הערשאפט.

#### צווייטע אבטהיילונג.

8) די פערסישע מלוכה.

#### דריטע אבטהיילונג.

##### גריכישע געשיכטע.

9) די עלטעסטע צייטען.
10) די מיליטערישע מלוכה שפארטא און די דעמאקראטישע אטהען.
11) די מלחמות מיט פערסיען.
12) די בליטהע צייט אטהענס.
13) דער פעלעפאנעזישער קריעג.
14) די איבערמאכט שפארטאס.
15) טהעבענס גרויסקייט און אטהענס ווידעראמאל אויפלעבען.

מיר בעטען די אבאָנענטען וועלכע האָבען אריינגעשיקט אויף דער וועלטגעשיכטע נור 50 קאָפּ. פיר וועלכע זיי האָבען נעקריגען דעם ערשטען באנד, זיי זאָלען גיטינסט צושיקען דאָס איבריגע צו 1 ר׳ (אָדער צו 1.50 מיט פּאָרטאָ).

אונזערע נייע אבאָנענטען פון 1 יולי, קענען אויך בעקומען 4 **בענדער „וועלטגעשיכטע“ פיר 1 רו״כ** מיט פּאָרטאָ 1.50 רו״כ.

דער אבאנאמענטס־פרייז פון „יוד“: יעהרליך 5 ר׳. האלביעהרליך 3 ר׳. פיערטעל־יעהרליך 1.50 ר׳.

אדרעסע פיר רוסלאנד: *Verlag „ACHIASAF“, Warschau.* ⁝ Изд. „Axiacaфъ“, Варшава. (מינדליך טווארדא נו׳ 6).

פיר אויסלאנד: Administration „DER JUDE“ Krakau, Gertrudy 16.

**די אדמיניסטראציאָן „דער יוד“.**

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 28

רער פרייז נ׳יר רוססלאנד:
גאַנץ-יאהרלין —.5 רוביל.
האלב-יאַהרלין —.3 רוביל.
פירטעל-יאַהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
רען 1טען אויגוסט — 1 „
ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנר —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.
Erscheint Donnerstag.

קראַקויא, תמוז תרס״א. נומר 28. **Krakau**, 11 Juli 1901.

## א נייע דייטשע אליאנס.

די דייטשע יודען האָבען מאַנכעס מאָל גאַנץ גוטע געדאַנקען, נאָר קומען זיי ניט שטענדיג צו דער ריכטיגער צייט, און פון דער פאַרסענדער צייט הייגנט אָב אַלץ. די דייטשע שפּראַכע האָט אַ ווינציגען אויסדרוק: טרעפּפעניויץ. דאָס איז אַ וויץ, וואָס מיר דערמאָנען זיך אָן איהם שוין נאָך דער צייט. ווען מיר געהען שוין צוריק, אויף די טרעפּ פאַלט אונז אָ מין: אָ, דאָס וואָלט מען געקענט זאָגען, דאָס וואָלט געוועזען קלוג, גוט און שען. אָבער — עס איז צו שפּעט. פערפאַלען, פערזאמט די צייט.

שטעלט אייך פאָר: אַ חַזָן וועט זיין טרויריגען ראש־הַשָנה׳דיגען „מִמְקוֹמְךָ“ זינגען אום שִׂמְחַת־תּוֹרָה, אָדער זיין לוסטיגען „טאַי אי דעראַי!“ צו כָּל־נִדְרֵי, אָדער שטעלט אויך פאָר פוטערקיכליך צו סוּכּוֹת און אַ כַּפָּרָה־הינדיל צו שבוּעוֹת. עס איז טאַקע ניט אליין די זאַך, נאָר די צייט, וואָס גיט צו דער זאַך איין בעזונדערען טעם. די גרעסטע חכמה איז, צו פערשטעהען די צייט, וואָס זי דאַרף און וואָס זי זאָל, און דעם ריכטיגען געדאַנקען צו געפינען, וואָס פּאַסט זיך פאָר די צייט.

פאָר אַ פאָר וואָכען זענען צוזאַמענגעקומען די אנגעזעהענסטע פון די דייטשע יודען אין בערלין. זיי האָבען געמאַכט אַ קאָמיטעט פון יודען מיט שענע טיטלען און מיט פולע פאָרטמאָנעס און האָבען בעשלאָסען, צו גרינדען אַ נייע אַליאַנס מיט דעם נאָמען „הילפספעריין פון די דייטשע יודען“. אנגעזעהענע מענשען—אַזוי הייסט עס אין דעם בעריכט — זענען געקומען פון גאַנץ דייטשלאַנד צו בעראַטען איבער די ציעלען פון דעם נייען פעריין. דעם פאָרזיטץ האָט געפיהרט דער העדר גענעראַלקאָנזול אייזשען לאַנדוי פון בערלין. דער צוועק פון דעם נייען פעריין איז, צו שטיצען די יודען פון מזרח־אייראָפּאַ, (די רוסישע, רומענישע און גאַליצישע יודען) און פון אַזיען מאָראַליש, ווירטשאַפטליך און גייסטיג.

דאָס איז דאָסזעלבע פּראָגראַם ווי פון דער „חברה כל־ישראל חברים“ אין פּאַריז. מע שעמט זיך צו רופען דאָס נייע קינד מיט דעם ריכטיגען נאָמען, אָבער עס איז דאָך אַ נייע אַליאַנס.

אַ וואונדערליכע זאַך: 41 יאָהר נאָך דער גרינדונג פון דער פּאַריזער אַליאַנס האָבען זיך אויסגעשלאָפען די דייטשע יודען, אויך צו גרינדען אַ אַליאַנס און טאַקע אַ עכט דייטשע! וואו זענט איהר אָבער געוועזען ביז איצט? די דייטשע יודען זענען 10 מאָל אַזוי פיעל ווי די פראַנצויזישע יודען און זיי האָבען אַ סך מעהר געלעהרטע און מיליאָנערען, אָט האָבען זיי געזאָלט גרינדען די גרויסע אַליאַנס, אָדער ווענינגסטענס מאַכען אין דייטשלאַנד אַ בעזונדערע אָבטהיילונג און זאָרגען, אַז זיי זאָלען האָבען די הויפּטמאַכט אין דער אַליאַנס. דענסמאָל האָבען זיי געשוויגען, זיי האָבען געגעבען אַ ביסיל געלד און האָבען זיך ווייטער גאָר ניט געקימערט אום די פיהרונג פון דער אַליאַנס. אָט אַזוי איז געוואָרען די פּאַריזער אַליאַנס וואָס זי האָט געמוזט ווערען: אַ פראַנצויזישער פעריין מיט אַ פראַנצויזישען כאַראַקטער. ווארום יעדער פראַנצויז מיינט, אַז עס איז פאָרהאַן נור איין ריכטיגע און הויכע קולטור אויף דער וועלט, דאָס איז די פראַנצויזישע. די פראַנצויזען זענען דאָך די „גרויסע נאַציאָן“ און זיי עסען די ציוויליזאַציאָן מיט קאָכלעפעל. אָט מוז טאַקע אַ פעריין פון פראַנצויזען גלויבען, אַז ער קען די מענשען נור גליקליך מאַכען, ווען ער מאַכט זיי צו פראַנצויזען.

אַז מען האָט געגרינדעט די אַליאַנס, האָט דאַן פאָר די גרינדער געשוועבט איין גרויסעס אידעאַל. זיי האָבען געוואָלט אַלע יודען פעראייניגען, צו שטיצען די שוואַכע, צו בילדען די אונגעבילדעטע און זיך אָנצונעהמען פאַר די פערפאָלגטע און אונטערדריקטע יודען. אָבער עס איז דענסמאָל געווען אַ צייט, ווען מען האָט אין פראַנקרייך נאָך גאָר ניט געוואוסט פון אַנטיסעמיטיזם און ווען די פראַנצויזישע יודען האָבען דערפאַר זעהר ליעב געהאָט די פראַנצויזישע קולטור און האָבען זיך איינגערעדט אַז זיי זענען אֶמֶת׳ע פראַנצויזען מיט אַלע פּיצעליך. אָט האָבען זיי געמיינט, זיי וועלען אַרויסטראָגען די ליכטיגע קולטור אין די גרויסע וועלט, און עס וועלען ווערען אומעטום משיח׳ס צייטען ווי אין פראַנקרייך. פראַנקרייך איז דענסמאָל געוועזען דער מיטעלפּונקט פאָר אַלע נייע און גרויסע אידעען און פאַר גלייכהייט און ברידערליכקייט. זיי האָבען עס אוודאי גוט געמיינט מיט די יודען אין מזרח, אַז זיי האָבען זיי געוואָלט מאַכען צו פראַנצויזען. מען ווייס, וואָס עס איז געוואָרען דערפון! משונה׳דיגע בעשעפעניששען: אַביסיל יוד, אַביסיל פראַנצויז און אַביסיל אַזיאַט. דאָס איז געוועזען דער גרויסער פעהלער פון דער אַליאַנס, אָבער דער פעהלער איז געלעגען ניט אין די מענשען, נאָר אין די אידעען פון דער דאַמאָלדיגער צייט.

פון דעסטוועגען איז די אליאנס ניט געוועזען אהן א צוועק. זי האט פארט געהייסען „חברים כל ישראל", אלע יודען האבען געוואוסט אין א צייט פון צרות, וואו זיי זאלען זיך ווענדען. די אליאנס האט געהאט גרויסע פערבינדונגען מיט דיפלאמאטען און מיט פירסטען, און אז עס איז געוועזען א עלילת־דם, אדער אז מען האט גלאט ערגיץ וואו געשלאגען און געהרג'עט יודען, האט מען געשריען צו דער אליאנס און זי האט געהאלפען. זי האט געהאלפען פיעל ארימע יונגע לייט שטודירען, זי האט אונטערשטיצט ספרים פאר די יודישע וויסענשאפט און זי האט געגרינדעט שולען פון גוטער ארדענונג, וואס ביי אלע זייערע פעהלערן האבען זיי דאך געהאלפען צו פערברייטען בילדונג. די אליאנס האט אויך אונטערשטיצט די האנדווערקער און האט געגרינדעט שולען פאר האנדווערק און פאר ערדארבייט.

ביז דעם יאהר 1871 איז געוועזען די פאריזער אליאנס דער איינציגער גרויסער יודישער וועלטפעריין. מיט אמאל זענען געווארען קאנקורענטען. מען האט ניט געפונען חסרונות אין דער אליאנס, אז איהר דרך איז ניט ריכטיג און איהר פראגראם איז ניט געזונד, ניין! אבער— מען האט איהר מקנא געוועזען, וואס זי פערברייטעט פראנצויזישע קולטור. פאר וואס עפים דוקא פראנצויזיש גאר אליין? מיר ענגלענדער זענען אויך א גרויסע נאציאן, מיר ווילען פערברייטען אומעטום אין אזיען ענגלישע קולטור. אזוי האבען די ענגלישע יודען זיך אבגעזונדערט און האבען געגרינדעט אין יאהר 1871 די ענגליש־יודישע פערייניגונג. נאכהער זענען געקומען די עסטרייכער יודען און האבען געגרינדעט די „עסטרייכער אליאנץ". אט דענסמאל וואלט טאקע ניט געוועזען קיין וואונדער, ווען די דייטשע יודען וואלטען זיך אבגעטהיילט און אויך געמאכט איין אייגענע אליאנס. די פראנצויזישע יודען האבען דענסמאל געוואלט זיין פראנצויזישער ווי די פראנצויזען. א סך דייטשע יודען זענען געווארען דעריבער זעהר אין כעס און האבען געוואלט זיך אבטהיילען פון דער אליאנס. אבער עס האבען דענסמאל נאך געלעבט פיעל יודען פון דער אלטער גוטער צייט אין דייטשלאנד, און זיי האבען זיך געזאגט, אז דורך דעם וועט ווערען די פראנצויזישע אליאנס שוואך און זיי וועלען ניט ווערען שטארק, זענען זיי דערום ליעבער געבליבען.

דאס איז טאקע געוועזען זעהר ריכטיג און יודיש נאציאנאל געהאנדעלט. ווארום לאמיר זעהען, וואס האבען דען די אבגעטהיילטע נייע חברות אויפגעטהון? די ענגלישע חברה האט געגרינדעט איין איינציגע שולע אין ירושלים און האט ביי אלע גרויסע ענינים געמוזט ארבייטען מיט דער פאריזער אליאנס צוזאמען. די עסטרייכער אליאנץ האט טאקע גאר נישט געטהון און זי ווערט אלץ שוואכער און שוואכער. אט קען מען דאך פון די ביישפיעלען לערנען, אז יעדע שפאלטונג איז א גרויסער פעהלער און א שאדען פאר'ן כלל ישראל. איך האב געלייענט דעם אויפרוף פון דעם נייען פעריין שוין 5 מאל און איך בין נאך ניט קלוג געווארען דערפון. פאר וואס איז דאס אצונד פלוצלינג געווארען אזא גרויס בעדערפעניש צו גרינדען א דייטשע אליאנס? מען האט דאך געקענט מאכען אין בערלין איין אבטהיילונג פון דער פאריזער אליאנס און זאמלען מעהר געלד לטובת־הכלל. עס איז דאך פארט שען אז מען האט איין גרויסע חברה אין דער גאנצער וועלט און אז מען בעטאנט דעם געדאנקען פון דעם כלל און מען האלט אלע יודען פאר ברידער. דער נייער פעריין וויל ארבייטען פאר די פערבעסערונג פון דער יודישער ווירטשאפטליכער לאגע אין מזרח־אייראפא. דאס איז געוויס א גרויסע זאך און זעהר נייטהיג, אבער האט מען דאס ניט געקענט אונטער דעם אלטען נאמען? זיי ווילען די ארימע יודען אויפהויבען גייסטיג און מאראליש, ד. ה. זיי מאכען געבילדעטער און איידעלער. דאס איז ווידער א גרייליכדיגער עניין, אבער ווער לאזט זיי דאס ניט טהון מיט דער פאריזער אליאנס צוזאמען?

דעם טעם דערפון געפינען מען אבער אין דעם זאטץ:

„די אלע פעריינען (אליאנס, די ענגלישע פערייניגונג און עסטרייכער אליאנץ) ארבייטען פאר איין און דעמזעלבען גרויסען ציעל א מאל צוזאמען און א מאל בעזונדער, און יעדער פעריין בעמיהט זיך זייער נאציאנאלע קולטור צו פערפלאנצען און צו פערברייטען ליכטיג־

# פעלעטאן.

## דער באנק־בילעט פון א מיליאן פונט.

פון מארק טוועו.

אז איך בין אלט געוועזען זיבען און צוואנציג יאהר האב איך בעקומען א שטעל אין א קאנטאר אין סאן־פראנציסקא; דאס געשעפט האב איך גוט אויסגעלערנט און אויף מיין שטעל איז מיר געוועזען בעקוועם און גוט. געוועזען בין איך אליין אויף דער וועלט, אהן פאמיליע, אהן איינגענטהום; פערמאגט האב איך נור מיין פערשטאנד און מיין אונבעפלעקטען נאמען, און מיט זיי בין איך מיר געגאנגען זיכער אויפ'ן וועג צום גליק, און מיט א גרינג געמיטה געקוקט אויף מיין צוקונפט.

שבת נאכמיטאג בין איך געוועזען פריי פון געשעפט און האב די צייט געוועהנליך פערבראכט ביים וואסער און ארומגעשוואומען; ביים ברעג אויף א לאדקע. איינמאל בין איך צו ווייט פערשוואומען אין ים אריין, און האב נישט געקענט צוריק. די נאכט איז צוגעפאלען, און איך האב שוין כמעט די לעצטע האפנונג געהאט פערלארען, נאר צו מיין גליק איז פארבייגעגאנגען א קליין שיף, וואס איז געשוואומען קיין לאנדאן, און מען האט מיך אויף איהר ארויפגענומען.

דאס שיף האט געהאט א שטורמדיגען לאנגען וועג, און פאר רייזע־קאסטען האב איך געמוזט אבארבייטען אלס פראסטער מאטראז. אויפ'ן לאנדאנער ברעג בין איך ארויפגעטרעטען אין געמיינע, צוריסענע קליידער; אין דער קעשענע האב איך איין איינציגען דאלאר געהאט. מ'ט דער סומע געלד בין איך אויסגעקומען אויפ'ן עסען און נעכטיגען אין ערשטען מעת־לעת. די אנדערע פיער און צוואנציג שעה אבער האב איך דורכגעלעבט אהן די צוויי נוטע זאכען פון אונזער ערד: איך האב נישט געהאט קיין געלד אויף נעכטיגען ערגיץ און נישט אויף עסען.

מיעד און שלעפעריג האב איך מיך צומארגענס ארומגעשלעפט — עס איז געוועזען אנ'ערך 10 דער זייגער — אויפ'ן פארטלאנד־פלאטץ, און האב דערזעהן, ווי א קינד, וואס איז דורכגעגאנגען מיט איהר באנע, האט אוועקגעווארפען אין רינשטאק אריין א גרויסע, שענע בארנע, פון וועלכער דאס קינד האט שוין נעהאט א שטיק אבגעביסען. עס פערשטעהט זיך, אז איך האב מיך באלד אבגעשטעלט, און האב קיין אויג נישט געקענט אראבלאזען פון דער כשר'ער מציאה. אין מויל איז מיר געווארען זעהר וואסעריג, דער מאגען האט זיך געווארפען ווי אין א פיבער, יעדער אדער אין מיר האט געצאפעלט פאר בעגעהרונג. נאר יעדעם מאל, ווי איך בין שוין געוועזען גרייט די בארנע אויפצוהויבען און האב שוין געהאט אויסגעשטרעקט מיין ציטערנדיגע האנד, האב איך דערפיהלט אויף מיר א בליק פון א פאריבערגעהענדען. עס פערשטעהט זיך, אז איך האב מיין אויסגעשטרעקטע האנד באלד צוריקגעשלעפט צו זיך, פערטראכט זיך און געקוקט אין גאר איין אנדערער זייט און גענומען אויף זיך אזא מין כשר'ע, גלייכגילטיגע מינע, א שטיינער, ווי איך וואלט די בארנע גאר קיינמאל אין מיין לעבען נישט געזעהען, אפילו אין חלום נישט. אזוי האב איך מיך מיט דער בארנע קאטץ־און מויז געשפיעלט א היבשע צייט, און אננעהמען זי האב איך בשום אופן נישט געקענט. ענדליך אבער בין איך אזוי צורייצט

קייט פאר די קראנקע און שוואכע יודען פון מזרח פון אייראפא און פון אזיען. ביז אצונד האט אבער נאך געפעהלט אין דער חברותא די ארגאניזאציאן פון די דייטשע יודען. דאס זאל אצונד ווערען אנדערש. מיר וועלען מיט די אנדערע חברות אין פיעל זאכען ארבייטען צוזאמען אבער אלס דייטשע יודען ווילען מיר פערברייטען די דייטשע שפראך און די דייטשע קולטור, וואו דאס איז נייטהיג פאר דאס ווירטשאפטליכע לעבען און פאר די גייסטיגע אויסבילדונג".

פון יודישער קולטור און פון יודישער נאציאנאליטעט איז גאר קיין רעד ניט. מען וויל נור דייטשע קולטור און דייטשע נאציאנאליטעט פערברייטען און ווי וויל מען די טייערע סחורה פערשענקען אין מזרח־אייראפא! עס איז טאקע א יושר, אז מען זאל די בריסקער נשרפים שיקען דייטשע צייטונגען און שענקען די הונגעריגע בעסראביער יודען א דייטשע גראמאטיק, זיי וועלען האבען קולטור, וועלען זיי פערגעסען אן אלע צרות. נאך רומעניען וועט מען שיקען שילערס און געטהעס געדיכטע, וועלען זיי האבען אי עולם־הזה אי עולם־הבא. יא, די דייטשע יודען פערשטעהען גרויסע פלענער צו מאכען. זיי זענען א ביסיל לוסטיג די פלענער און זיי פיהרען ניט צום תכלית. אבער „דער קוק איז גוט".

און גאר א סך ווייטער נאך ווי נאך רוסלאנד און רומעניען וועט מען אריינבריינגען די דייטשע קולטור, ביז טיעף אין אזיען. אבער וואס וועט מען דערמיט אויספיהרען? וועט ווערען דורך דעם די נויט עפיס קליינער? וועט ווערען די צוקונפט פון דעם יודישען ארימען המון בעסער? מיר לעבען דאך אין א ביטערער ערענסטער צייט און מיר ווילען דאך ברויט און ארבייט און זיכערהייט פאר אונזער פאלק און ניט שפילכעליך. עס איז טאקע אמת, די פראנצויזישע קולטור איז צייט דרייפוס אונגליק געווארען א ביסיל פסול, זי האט געקראגען א גרויסען מום, מען ווייס שוין אז מען קען מיט איהר ניט אריין אפילו אין גן עדן התחתון" אויך ניט, אבער איז דען די דייטשע קולטור א בעסערער רעצעפט פאר אלע קראנקהייטען? די שולען אין אזיען זאלען דאך ווערען געמאכט פאר ארימע קינדער, וואס מען מוז זעהען, אז זיי זאלען גיך קענען פערדיענען א שטיקיל ברויט און זיי זאלען זיין גוטע יודען. אט מוז מען מיט זיי לערנען לשון הקודש און אראביש. אז עס איז שוין נייטהיג צו לערנען נאך א פרעמדע שפראך, איז אוודאי מעהר תכלית צו לערנען פראנצויזיש ווי דייטש, ווארום מיט פראנצויזיש וועלען זיי קענען נאכהער ווייטער קומען און גיכער וואס פערדיענען ווי מיט דייטש. דאס ווייס דאך יעדער מענש, וואס קען דאס דארטיגע לעבען.

און אום אויסצוטראכטען די נייע חכמה האט מען גדארפט האבען דעם גרויסען פאראנדיק? זעכציג הערען האבען זיי אויסגעקליבען אין דעם נייען צענטראלקאמיטעט! און וואס פאר הערען? שטאדטרעטע, געהיימרעטע, קאמערציענרעטע, גענעראלקאנזולען, ראבינער, פראפעסארען, באנקירען און שריפטשטעלער. און מיט די גרויסע נעמען וועט מען די וועלט איבערקעהרען קאפויער און אלצדינג איבערניצעווען אויף דייטש און מען וועט פערטרייבען אלע צרות פון דער וועלט. עס וואלט געוועזען דעריבער צו לאכען, אז מען וואלט ניט געמוזט דעריבער וויינען. מען זעהט ווידער דערפון, ווי די מערב־אייראפעאישע יודען האבען גאר פערלארען דעם קאפ און ווייסען ניט, וואס זיי ווילען.

מען קען געוויס ניט זיין קיין פיינד פון יודישע הילפספעריינען, און אז דער נייער נאמען וואלט העלפען, וואלט מען טאקע מוחל געווען אויף דעם אלטען נאמען במחילה גמורה, מיר ווילען אויך גאר קיין גרויסע נכורות ניט. אז דער נייער פעריין וועט א ביסיל העלפען די ארימע יודען — אויך גוט. אבער עס פעהלט אין דעם גאנצען פראגראם דער יודישער גייסט. אהן יודישען גייסט, ד. ה. אהן דעם געדאנק פון אחדות פון אלע יודען איז יעדער יודישער פעריין, איין אויסגעבלאזענע איי. דער גאנצער פעריין איז נור א שפיעל אין בעהעלטעניש: אדער איהר ווילט זיין א נאציאנאל יודישער פעריין, טא שעמט זיך ניט פאר די אנטיסעמיטען און זאגט עס ארויס בפירוש, אדער איהר ווילט זיין א דייטשער קולטורפעריין, טא בלייבט זיך געזונדערהייט אין

---

געווארען, אז איך בין שוין גוט בייז געוועזען אויף מיין שעמען זיך, און אט־אט האב איך שוין געוואלט די בארנע אויפהויבען אלעמען אין די אויגען, נאר הינטער מיר האט זיך א פענסטער אויפגעעפענט, און עפיס א הערר האט מיך גערופען, זאגענדיג:

„ביטע, קומט אריין".

א גאלאנטער לאקיי האט מיר די טהיר געעפענט און מיך אריינגעלאזט אין זעהר א שענעם אויסגעפוצטען צימער, וואו עס זענען געזעסען צוויי הערען, שוין נישט קיין יונגע. נאך דעם ווי זיי האבען דעם לאקיי געהייסען געהן, האבען זיי מיך געבעטען זיצען. זיי האבען ערשט געהאט אבגעגעסען פרישטאג, און דער רעשט עסען, וואס איז געבליבען אויפ'ן טיש, האט אויף מיר זעהר א שטארקע ווירקונג געהאט. קוקענדיג אויף די געשמאקע מאכלים האב איך קוים געקענט צוזאמענהאלטען מיינע פינף חושים אום צו וויסען, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. נאר אומגעבעטען האב איך נישט געטארט אנריהרען קיין זאך אויפ'ן טיש, און האב געמוזט מיט אלע כחות מיינע הענד איינהאלטען, זיי זאלען זיך נישט צורוקען צו עפיס א טעלער. דאס וואס איז פארגעקומען אין דעם צימער, איידער איך בין דערין אריינגעקומען, בין איך ערשט א לאנגע צייט דערנאך געוואהר געווארען, דעם לעזער אבער וועל איך איצט באלד אויסזאגען: די צוויי ברידער, וואס האבען געוואהנט אין דעם הויז, האבען זיך מיט א טאג פריהער שטארק יעשפארט וועגען א זאך אזוי לאנג, ביז זיי האבען זיך, לויט דעם שטייגער פון די ענגלענדער, געוועט אין א גרויסע סומע געלד.

אין יענער צייט האט די ענגלישע רעגירונגס באנק געהאט ארויסגעגעבען צוויי באנקבילעטען, יעדער אויף א מיליאן פונט שטערלינג. איבער עפיס א צופאל איז נור איינער פון די באנקבילעטען ארויסגעגאנגען פון דער קאסע. דער צווייטער האט זיך נאך געפונען אין דער באנק. די צוויי ברידער זענען אין מיטען א שמועס ארויפגעקומען דערויף: וואס וואלט געטהון א ארענטליכער און עהרליכער פרעמדער מענש דא אין לאנדאן, וואס האט דא קיין איינציגען בעקאנטען נישט און קיין גראשען געלד אין דער קעשענע, חוץ דעם באנקבילעט אויף א מיליאן פונט שטערלינג, וואס געהערט נישט איהם, נאר ער ליעגט ביי איהם אין דער קעשענע. דער עלטערער ברודער האט געזאגט, אז דער פרעמדער מוז שטארבען פאר הונגער מיט דעם באנקבילעט אין דער קעשענע; דער יונגערער שפארט זיך דאגעגען, אז ער ברויך צו קענען גאנץ גוט לעבען, האבענדיג אזא פערמעגען ביי זיך. דער עלטערער האט אויסגעוויזען, אז דער פרעמדער קען נישט אין דער באנק, נישט ערגיץ אנדערש דעם באנקבילעט אויסבייטען, ווייל מען וועט איהם אויף דער שטעל ארעסטירען. אזוי האבען זיי זיך געשפארט ביז דער יונגערער האט איינגעשטעלט צוואנציג טויזענד פונט, אז דער פרעמדער וועט דרייסיג טאג קענען גוט דורכלעבען און נישט ריהרען דעם באנקבילעט און נישט אריינפאלען אין געפעננים. דער עלטערער האט אויך איינגעשטעלט צוואנציג טויזענד פונט, מען איז געגאנגען אין באנק און געקויפט דעם אנדערען באנקבילעט פון א מיליאן פונט. און די צוויי ברידער האבען גענומען ווארטען א גאנצען טאג ביים פענסטער, אויסקוקענדיג א מענש, וואס זאל טויגען פאר זיי, מיט וועלכען מען זאל קענען מאכען די פראבע.

מענשען מיט עהרליכע געזיכטער זענען דורכגעגאנגען א סך, נאר קלוג און פערשטענדיג האבען זיי נישט אויסגעזעהן; א סך ווידער האבען

דייטשלאַנד און לאָזט די אַנדערע יודען צו־רוה. קלאָהרהייט און קאָנזעקווענץ ווערען פערלאַנגט פון יעדער אידעע. ווער עס טרעט אַרויס אין די גרויסע וועלט מיט נייע געדאַנקען, מוז ערשט אַליין וויסען, וואָס ער וויל. וויל מען ווירקען פאַר די ווירטשאַפטליכע לאַגע, מוז מען האָבען אין זינען די ערהאַלטונג פון דער נאַציאָנאַלער קראַפט, און וויל מען שטאַרקען די נאַציאָנאַליטעט, מוז מען זעהן אַז די קראַנקע ווירטשאַפטליכע לאַגע זאָל ווערען געזונד. דאָס איז דער סוד פון דער יודישער הילף. ביי יודען זענען געוועזען אַ מאָל קולטור, נאַציאָנאַליטעט און זאַציאַלע ר׳עפאָרמען איין צוזאַמענגעבונדענער געדאַנקען. יעדע גרויסע בעוועגונג ביי אונז יודען מוז זיך מיט דעם רעכענען, און זי מוז ווידער די אַלע דריי טהיילען צוזאַמענבינדען אין איינעם ווי אין די אַמאָליגע צייטען.

קאַרלסרוהע. פאַביוס שאַך.

---

# פאליטישע איבערזיכט.

גערעכטיגקייט אין דער פאליטיק. — די פערזאַמלונג אין קווינס־האל. — דאָס פעריינסגעזעץ אין פראַנקרייך.

ווערט די וועלט בעסער און גערעכטער אָדער ניט? ווערען די יסודות פון מוסר און גערעכטיגקייט אין די בעציהונגען צווישען איין פאָלק און דעם אַנדערען שטאַרקער אָדער ניט? איינע זאָגען „יא“, אַנדערע זאָגען „ניין“. די לעצטע ווייזען אויף די מלחמה צווישען ענגלאַנד און טראַנסוואַל, וואו די געבילדעטסטע נאַציאָן פון דער וועלט, וואָס שטאָלצירט מיט איהר פרייהייט און מיט דער אַכטונג פאַר דעם געזעץ, מאַכט חרב אַ גאַנצע מדינה נור דערפאַר, ווייל זי וויל זיך ניט בויגען פאַר איין אַנדערען און וויל זיך ניט אָבזאָגען פון איהר אייגענעם זעלבסטשטענדיגען לעבען. אין פאָליטישען לעבען, זאָגען די מרה־שחורה׳ניקעס איז ניטאָ קיין יושר, אין איהם הערשט נור פאַלשקייט, דאָס נייַנצעהנטע יאַהרהונדערט האָט די מענשען ניט בעסער געמאַכט, אין זיי ליגט נאָך די אכזריות און נידריגקייט פון די אַלטע ווילדע צייטען. איז עס אָבער אמת? וואָלט פריהער אַמאָל מעגליך געוועזען, ווי איצט, דער פּראָטעסט פון די אייראָפּעאישע פעלקער געגען ענגלאַנד? אין די פריהערדיגע צייטען וואָלט מען געוויס געהאַלטען פאַר ריכטיג און שען די ענגלישע פּאָליטיק, וועלכע וויל פערגרעסערען ענגלאַנדס מלוכה און אויסברייטען איהר הערשאַפט איבער נייע מדינות. טשעמבערלען וואָלט געווען דער געבענטשטער העלד פון דעם גאַנצען ענגלישען פאָלק, און דער גאַנצער וועלט וואָלט מען בעוואונדערט זיין קלוגהייט, ווייל ער פערשטעהט צו ברענגען אונטער ענגלאַנדס קרוין נייע און רייכע מדינות. קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלען צו קלערען, צי איז אַזאַ פּאָליטיק גערעכט אָדער ניט. די קראַפט איז גערעכטיגקייט, האָבען געזאָגט אַמאָל פּאָליטיקער; גערעכט איז אַלץ וואָס מען קען, האָבען געזאָגט אַמאָל פילאָזאָפען. און איצט זעהען מיר דאָך, ווי אַלע פעלקער זענען גערייצט געגען ענגלאַנדס פּאָליטיק, ווי אומעטום ווערט פּראָטעסטירט געגען די אונגערעכטיגקייט פון ענגלאַנד. גרויסע פאָלקספערזאַמלונגען, וואו מען האָט פּראָטעסטירט געגען ענגלאַנדס מלחמה אין טראַנסוואַל, זענען געוועזען אין אַלע לענדער פון דער וועלט, איצט האָבען געמאַכט פיעל אויפזעהען די פּראָטעסטפערזאַמלונגען אין בעלגיען, אין אַ לאַנד, וועלכעס איז תמיד פריינדליך געוועזען צו ענגלאַנד. די אַלע פּראָטעסטען געגען ענגלאַנד אין נאָמען פון גערעכטיגקייט בעווייזען ניט, אַז די אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער שטעהן אין זייער מוסר העכער פאַר ענגלאַנד, נאָר זיי ווייזען אונז, אַז אונגערעכטיגקייט פון אַנדערע הויבען מיר אָן פריהער צו זעהן און צו פיהלען, ווי אייגענע אונגערעכטיגקייט. און דאָס איז אַ קלאָרער סימן, אַז די גערעכטיגקייט הויבט אויך אָן מיטצוזאָגען אין די בעציהונגען צווישען איין פאָלק און דעם אַנדערען. דער פאָרטשריט געהט פּאַמעליך, אָבער מיר זעהען זיינע טריט, מיר זעהען די סימנים פון אַ קומענדיגער בעסערער צייט, אין וועלכער עס וועט הערשען די גערעכטיגקייט אַנשטאַט דער קראַפט. די סימנים

---

דאַנגען אויסגעזעהן זעהר פערשטענדיג און קלוג, דערפאַר — נישט עהרליך. אַ סך האָבען שוין געהאַט ביידע מעלות, זענען זיי אָבער נישט געווען אָרים גענוג, אָדער זיי זענען יאָ געווען גרויסע קבצנים, נאָר זיי האָבען ניט אויסגעזעהן פאַר פרעמדע. אין יעדערען האָט זיך געפונען עפּיס אַ חסרון, ביז זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף מיר. איך האָב ביידען גאָר אין גאַנצען געפעלען, און זיי האָבען מיך אויסגעקליבען פאַר דעם מענש, דורך וועמען עס זאָל אויסגעוויזען ווערען, ווער עס האָט געוואונען דעם וועט.

איך אָבער האָב פון דעם אַלעם נאָך נישט געוואוסט און בין געזעסען און געוואַרט, מען זאָל מיר זאָגען, צו וואָס מען האָט מיך דאָ אַריינגערופען. נאָר צום ערשטען האָט מען מיך גענומען עקזאַמענירען, ווער און וואָס איך בין? מיט וואָס איך בעשעפטיג מיך און ווי אַזוי איך בין געקומען קיין לאָנדאָן... עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז איך בין טאַקי אַזאַ מענש, וואָס טויג פאַר זיי. איך האָב געזאָגט, אַז עס פרעהט מיך זעהר צו בעקענען זיך מיט זיי, נאָר איך בעט מיר צו זאָגען, וואָס זיי ווילען דאָס מיט מיר מאַכען און צו וואָס איך קען זיי טויגען. אַנשטאַט איין ענטפער האָט מיר איינער פון די ברידער דערלאַנגט אַ פערמאַכטען קאָנווערט, זאָגענדיג, אַז אין דעם קאָנווערט ליגט בעשריבען די ערקלעהרונג פון אונזער געשעפט. איך האָב געוואָלט באַלד עפענען דעם קאָנווערט, ער לאָזט מיך אָבער נישט. ער פערלאַנגט, איך זאָל דעם קאָנווערט מיט זיך נעמען, אין דערהיים עפענען און דורכלעזען מיט כוונה, זיך גוט איבערלעגען און איבערטראַכטען און דערנאָך ערשט זיך בעשליסען אויף איין ענטפער. איך אַליין האָב מיר אויך געקלעהרט, אַז פאַר מיר איז גלייכער, איך זאָל מיך נישט איילען מיט איין ענטפער. און איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט גרויס עגמת־נפש, וואָס מען האַנדעלט עפּיס מיט מיר ווי מיט אַ נאַר, און מיין האַרץ האָט שטאַרק וועה געטהון אויף מיין איצטיגער לאַגע, ביי וועלכער איך מוז פערטראָגען דאָס חווק־מאַכען פון אַזעלכע רייכע מענשען.

די באַרנע אין רינשטאָק וואָלט איך איצט איינגעשלונגען. ווי זי איז מיט איהר גאַנצען שמוץ, נאַר, ליידער, איז זי שוין נישט דאָ געווען. און דאָס האָט מיך נאָך מעהר געקרענקט און איך בין אויף די צוויי הערען שוין נאָר גוט אין כעס געווען. איך האָב געאיילט איבער דער גאַס, און קוים האָב איך דאָס הויז שוין נישט געזעהן, האָב איך געעפענט דעם קאָנווערט. איך האָב דערזעהן — אַ באַנק־בילעט! עס פערשטעהט זיך, אַז מיין כעס אויף די צוויי ברידער איז אין דער אייגענער רגע באַלד שוואַכער געוואָרען. נישט קלעהרענדיג קיין מינוט, האָב איך דעם באַנקבילעט אַריינגעלעגט אין דער וועסטיל־קעשענע און געלאָפען שנעל, פייל פון בויגען אין דעם נאָהנטען שפּייז־געוועלב אַריין, ווי אַזוי איך בין אַריינגעלאָפען אין דעם געוועלב — דאָס איז אַ מצוה געווען צו זעהן! און אַז איך האָב שוין אין מיר אָנגעפּאַקט, וויפיעל עס איז נור אין מיר אַריין, האָב איך אַרויסגענומען דעם באַנקבילעט און איהם אויפגעוויקעלט. ביים ערשטען בליק אויף איהם בין איך צוטומעלט געוואָרען — אַ מיליאָן פונט!! פינף מיליאָן דאָלאַר, הייסט עס! דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרעהט ווי אַ ראָד.

(פאָרטזעצונג קומט).



פון אזא גליקליכער צייט, וועלכע וועט אמאל קומען, זעהען מיר אויך אין דעם, דאס די בעסערע טהיילען פון ענגלישען פאלק פיהלען אליין דעם שמאך פון ענגלאנדס אונגערעכטער מלחמה אין אפריקא.

די פארטיי, וואס איז אונצופרידען מיט דער רעגירונג, בעמיהט זיך צו פערברייטען איהרע געדאנקען אין פאלק, און עס פעהלט איהר אויך ניט קיין מוטה ארויסצוטרעטען אפען געגען דעם צו גרויסען אפעטיט פון די ענגלישע מארק-פאטריאטען.

אין קווינס-האל, אין דעם גרעסטען לאנדאנער זאל, וואו עס איז אויך געווען דער פיערטער ציוניסטען-קאנגרעס, איז צוזאמענגערופען איין פערזאמלונג פון דער ראדיקאלער און ארבייטער-פארטייען צו פראטעסטירען געגען די מלחמה אין טראנסוואל. מיט עטליכע שעה פאר דער פערזאמלונג זענען שוין די גאסען ארום דעם זאל געווען פול פון דעם לאנדאנער המון, וועלכער האט געוואלט פינאנדערינאגען מיט געוואלט די פערזאמעלטע „בורענפריינד". נאר די גאנצע ענגלישע פאליציע איז געווען געשטעלט אויף די פיס אבצוהיטען די ארדנונג. 350 מאן פון דער פאליציע צו פוס און אויף פערד זענען געווען אויסגעשטעלט ארום קווינסהאל, כדי ניט צו דערלאזען דעם המון אנצופאלען אויף די מענשען וועלכע פערשטעהען די אינטערעסען פון ענגלאנד אנדערש ווי טשעמבערלען. ביי דעם אריינגאנג אין קווינס-האל זענען געווען אויסגעשטעלט 700 פרייווילינע וועכטער, וועלכע האבען אין זאל געדארפט אריינלאזען נור מיט בילעטען. נאך יעדער מענשען, וואס פלעגט מיט א בילעט אריינגעהן אין זאל, פלעגען זיך נאכשטופען גאנצע חאליאסטרעס פון גאס, וועלכע האבען געוואלט זיך אריינרייסען אין זאל. איינמאל איז אויך געראטען א חאליאסטרע ארויפצוקלעטערען אויפ'ן באלקאן און זי האט שוין אויך אנגעהויבען צו ברעכען פענסטער, נאר א דאנק דער ענערגישער ארבייט פון דער פאליציע, האט דאס געשלעג באלד גענומען א סוף און די חאליאסטרע איז אבגעטריבען געווארען.

און בעת דער המון אויף די ארומיגע גאסען האט געזונגען פאטריאטישע ליעדער און געזידעלט די בורען מיט די ענגלישע בורענפריינד, האט די אסיפה פון 6000 מענשען מיט התלהבות אויסגעהערט די רעדען געגען די מלחמה. לאבושער, דער דעפוטאט פון פארלאמענט און דער פיהרער פון דער ראדיקאלער פארטיי האט שארף קריטיקירט די רעגירונג, וועלכע פיהרט א אונמענשליכע מלחמה אין אפריקא. נאך איהם האט גערעדט איין געוועזענער ענגלישער מיניסטער זויער. מיט דאקומענטען אין דער האנד האט ער אויפגעוויזען, אז נאך מיט 7 חדשים פאר דער מלחמה האט שוין די ענגלישע רעגירונג זיך ענטשלאסען אנצוהויבען די מלחמה, כדי צוצונעהמען פאר זיך טראנסוואל און אראניען. אלע פערהאנדלונגען, וואס זענען געפיהרט געווארען מיט די ביידע רעפובליקען, האט ער געזאגט, האבען נור געהאט דעם צוועק ארויסצורופען מיט זיי א מלחמה.

נאך די רעדען איז איינשטימיג אנגענומען געווארען פון דער פערזאמלונג דער בעשלוס, צו בעטען די רעגירונג, זי זאל מאכען שלום און צוריקגעבען די ביידע אפריקאנישע רעפובליקען זייער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

די ענגלישע רעגירונג וועט געוויס זיך ווענינ וואס מאכען פון דער דאזיגער פערזאמלונג, אבער די מעגליכקייט פון אזא פערזאמלונג ווייזט אונז, אז אויך פאר די פאליטיק וועט קומען א מאל איין אנדער צייט, וואס וועט אויך צו איהר שטעלען גרעסערע מאראלישע פאדערונגען.

אין פראנקרייך איז ענדליך דאס פעריינסגעזעץ אנגענומען געווארען מיט אלע זיינע פונקטען אויך פון סענאט. דערמיט האט וואלדעק-רוסא דורכגעפיהרט דאס לעצטע שטיק פון זיין ארבייט, צו פערשטארקען אין פראנקרייך די רעפובליק. גרויס און שווער איז זיין אבגעטהוענע ארבייט, ער האט איינגעשטילט פראנקרייך, אין דעם בית דין פון רען פריי געמאכט דרייפוסען. ער האט דורכגעפיהרט, מען זאל מבטל זיין אלע פראצעסען, וואס זענען געשטאנען אין א שייכות מיט דעם משפט פון דרייפוסען. ער האט דורכגעפיהרט דעם פראצעס געגען די פיינד פון דער רעפובליק, וועלכע זענען ארויסגעטריבען געווארען פון פראנקרייך, און איצט האט ער פון די גלחים צוגענומען זייער שטארקעס געוועהר, מיט וועלכען זיי האבען אונטערגעראבען אונטער די יסודות פון דער פראנצויזישער פרייהייט. אין פראנקרייך איז איצט רוהע און ארדענונג, און די רעפובליק שטעהט איצט פעסט און זיכער.

י. ל.

---

## דאס נייע פראגראם אין ציוניזם.

**(וויענער בריעף).**

(ענדע).

איינער פון די פונקטען פון דער ציוניסטישער פראקטישער ארבייט, אויף וועלכען בערנאר לאזאר האט אויך דערויף אנגעוויזען, איז דאס אריינדרינגען פון דעם ציוניזם אין די אליאנסען. און די וויענער ציוניסטען האבען דאס פערדיענסט צו זיין די ערשטע אין דער זאך. דער געדאנק אריינצונעמען „די עסטרייכיש-איזראעליטישע אליאנץ" אין די הענד פון די ציוניסטען איז ענטשטאנען ביי די וויענער ציוניסטען, זייט ס'האבען זיך אנגעהויבען די רומענישע רדיפות.

שוין איבער צוויי יאהר זינט זיי דויערן, אין דאס טרויריגסטע דערביי איז דאס, וואס דארט, וואו די אונגליקליכע רומענישע יודען האבען מעהר פון אלעמען געהאט דאס רעכט צו ערווארטען הילף, אויף וועם זיי האבען זיך גאר שטארק פערלאזט — די אליאנץ, דארט האט מען זיך ערשט רעכט ניט געוואלט אויף זיי אומקוקען. די דאזיגע חברה, וואס שטעכט אין די אויגען דער גאנצער אנטיסעמיטען-וועלט, ווייל מע וויל אין איהר זעהן א שרעקליכע יודישע וועלט-מאכט, — אט די יודישע חברה איז געגאנגען אזוי ווייט, אז זי האט זיך ניט געשעמט מיט הילף פון דער פאליציע, מיט'ן עטאפ צוריקשיקען רומענישע יודען קיין רומעניען, אבי פון זיי אין עסטרייך פריי צו ווערען.

די אליאנץ איז שלעכט, די רומענישע יודען ליידען אבער דאך און קענען ניט ווארטען, — האבען זיי זיך אנגעהויבען צו ווענדען צו די ציוניסטען, צום וויענער אקציאנס-קאמיטעט. און די ציוניסטען האבען אנגעהויבען צו טהון וואס עס איז נור פאר זיי מעגליך געווען. איהר ווייסט פון די קאמיטעטען, וועלכע זענען דא אין וויען געגרינדעט געווארען אויף צו העלפען די רומענישע יודען, איהר ווייסט, ווי די ציוניסטען האבען זיך איבערהויפט אינטערעסירט מיט דער זאך, — נאר דער עיקר איז אבער געווען צו קריגען די דעה אין דעם קאמיטעט פון דער רייכער אליאנץ, און די ציוניסטען האבען זיך אנגעהויבען דערצו צו ציעלען. שטארק שווער צו גרייכען איז דאס ניט געווען, מע האט נור בעדארפט גוט אגיטירען.

צו דער לעצטער אלגעמיינער פֿערזאמלונג, ווען מע האָט בעדאַרפֿט אויסקלויבען דעם קאָמיטעט פֿון דער ווינער אליאַנץ, איז שוין געווען איינגעשריבען פֿאר מיטגליעדער פֿון דער אליאַנץ אזוי פֿיעל ציוניסטען, אז זיי האָבען שוין געקענט שמועסען פֿון אַ מעהרהייט פֿון שטימען און שטעלען זייערע פֿאָדערונגען. דער פֿריהערדיגער קאָמיטעט פֿון דער אליאַנץ האָט פֿערשטאַנען, אז ער מוז זיך שוין רעכענען מיט די ציוניסטען און האָט פֿאָרגעלעגט אַ פשרה: ער וועט נאכגעבען די ציוניסטען אין איינינע זייערע פאדערונגען וועגען די רומענישע יודען, און כדי צו זיכערען אז דאס צוזאגען וועט געהאַלטען ווערען, זאָל מען אויסקלויבען איינינע ציוניסטען פאר יועצים אין קאָמיטעט. די ציוניסטען שוין אלס פראקטישע מענשען האָבען וויעדער מורא געהאט זיך צו פֿערלאָזען אויף זייערע מעהרהייט, טאמער פאלען זיי דאך דורך און האָבען די פשרה אנגענומען. נאָך מעהר האָבען זיי עס געמוזט טהון דערפאר, וואס דאס מאל האבען זיי ניט געקאָנט קריגען די הילף פֿון דער „יודישער פאלקס-פארטיי", ווי ביי די וויבארעס פון דער ווינער געמיינדע, ווייל צווישען דער ציוניסטישער פארטיי אין וויען און דעם ווינער יודישען פאלקס-פֿעריין איז איצט אַ מחלוקת. האטש דער אויסגלייך איז געווען נאך פאר דער פערזאממלונג, האָט דאך דער ציוניסטישער קאָמיטעט צושיקט איינלאדונגען צו די ציוניסטען, זיי זאָלען קומען צו דער פערזאמלונג. און ביי דער פערזאמלונג דעם 16 מאי האבען די ציוניסטען ווירקליך געהאט די מעהרהייט. דאָ האט זיך געפֿונען אַ דאָקטאָר קאָרנפֿעלד, אַ ציוניסט, וואס האט שוין געוואָלט זיין צו פראקטיש און האט געזאָגט, אז מיר האָבען טאקי יא די מעהרהייט, לאָמיר זשע ניט זיין קיין נאראָנים און איצט אויספיהרען אלעס, וואס מיר ווילען, און לאָמיר טאקי דעם גאנצען קאָמיטעט אויסקלויבען פֿון ציוניסטען און די פֿריהערדיגע בעלי-בתים גאָר אין גאנצען ארויסטרייבען. דער חבר פֿונ'ם ציוניסטישען אקציאָנס-קאָמיטעט דאָקטאָר קאָקעש, וואס איז ביי דער פֿערזאמלונג געווען דער הויפטרעדנער פֿון דער ציוניסטישער פארטיי, האט מיט'ן דאָקטאָר קאָרנפֿעלד ניט געהאַלטען און האט געפֿונען, אז די ציוניסטען מוזען ניט נור פראקטיש זיין, נאר אויך זייער ווארט האלטען. — די מיינונג פֿון דאָקטאָר קאָקעש האט גובר געווען און די ציוניסטען האָבען זייער וואָרט ניט געבראָכען. די מיטגליעדער פֿון דער אליאַנץ האבען עס דערוייל אויך געהאלטען און האבען אפילו ניט געלאָזט. ווי עס פלעגט אַ מאל זיין, זייערע רעדנער אויסגיסען הייסע בעדער פון זידלערייען אויף דעם ציוניזם און די ציוניסטישע פארטיי. אז איינער פון די אנטיציוניסטען, ד"ר מארצעל האָפמאַן, האט זיך צולאָזט נעגען די ציוניסטען, האָט איהם דער פרעזידענט אדאלף שטערן אוועקגענומען דאָס וואָרט. פון די ציוניסטען איז אויסגעקליבען געוואָרען פראָפֿעסאָר לעאָן קעלנער אלס מיטגליעד פון קאָמיטעט און דאָקטאר שנירער, דאָקטאר קאָרנפֿעלד און ארכיטעקטאָר מארמארעק אלס יועצים. איינער פֿון די דריי נייע יועצים פֿון דער אליאַנץ ה. ארכיטעקטאר מארמארעק האָט מיר ניט לאנג אויסגעשפּראָכען זיין מיינונג איבער דעם דאָזיגען נצחון פון דער ציוניסטישער פארטיי: „איך שעץ זעהר דעם דאקטאר קארנפעלד, נאר אין דעם דאָזיגען פאל פערשטעה איך איהם ניט. מיר ציוניסטען זוכען ניט קיין שטעלעס צו פערטרעטען, מיר זוכען ניט קיין כבוד, מיר ווילען נור האבען אַ דעה אין די יודישע אנשטאלטען, כדי צו קענען זיין נוטצליך דעם יודישען פאָלק. די אליאַנץ האט אונז צוגעזאָגט, וואס מיר האבען געוואלט, און מיר ווילען איצט זעהן צי זי וועט האלטען ווארט. מעהר דארפען מיר איצט ניט טהון." —

נאך מעהר איז אין דער נייער פראקטישער ארבייט פון די ציוניסטען צו בעמערקען, אז די ציוניסטען בעשעפֿטיגען זיך איצט מיט דער ארבייט אונטער זייער איינענעם נאמען. פון אנהויב אן פלעגען זיי עס אונטער דעם איינענעם נאמען ניט טהון. די נייע ציוניסטישע ארבייט, האט פיעל פערשיעדענע נעמען. מע רופט זי: פראקטישער ציוניזם, רעעלע פאליטיק, גענענווארטס פראגראם; בערנאר לאזאר האט זי גערופען עקאָנאָמישער ציוניזם, — דער עיקר איז אבער ניט דער נאמען, לאז די נייע בעוועגונג הייסען ווי מען וויל, אבי זי זאל זיין געזונט און פריש, אבי זי זאל ווערען און קענען נוטצען דעם יודישען פאָלק, דער יודישער ליידענדער מאסע, אבי זי זאל אים שטאנד זיין צו-צוציהען צו דער ארבייט די יודישע אינטעליגענץ, די יודישע יוגענד. —

י. שור.

---

# איין אויפרוף פון ד"ר הערצל צו די אמעריקאנישע יודען.

ד"ר הערצל האָט ארויסגעשיקט דעם דאָזיגען אויפרוף צו די אמעריקאנישע יודען, וועלכער פאסט נאטירליך פאר די יודען פון דער גאנצער וועלט:

אַ וויכטיגער מאָמענט איז געקומען אין דער יודישער געשיכטע. נישט קוקענדיג אויף די שלעכטע דייד פון אונזערע שונאים איז דער טערקישער סולטאן אַ פֿריינד פון די יודען, איך קאן זאָגען, אז די יודען אין דער גאנצער וועלט האָבען נישט קיין בעסערען פֿריינד ווי דעם הערשער פון ארץ-ישראל.

ווילען זיי אָבלאזען די זעלטענע געלעגענהייט צו מאַכען איינמאל איין עק מיט דער יודישער פראגע און מיט דעם אייביגען נע-ונד זיין פון יודישען פאָלק?

צי ווילען בעזונדערס די אמעריקאנישע יודען אין זייער איינענעם גליק און אין לאַנד פון פֿרייהייט פֿערגעסען, ווי שווער און ביטער עס איז די קנעכטשאפט פון זייערע ברידער?

איצט אָדער קיינמאָל נישט איז די צייט, אַז די געדריקטע יודען פון דער וועלט זאָלען צוריקקעהרען אין זייער אַלטע היסטאָרישע היים.

און וויפֿיעל געלד איז נייטהיג פאַר אזא זאך, פאַר די גרויסע היסטאָרישע און רעליגיעזע אונטערנעהמונג? נישט מעהר געלד, מיט וויפֿיעל עס ווערען געגרינדעט הונדערטער האַנדעלסגעזעלשאַפטען; נישט מעהר ווי די סומע, וועלכע איך האָב אין אָנהויב בעשטימט אלס גרונד-קאפיטאל פון דער יודישער קאָלאָניאַלבאַנק — נור צוויי מיליאָן פונט. זאָלען די יודען פון דער וועלט צונעבען נור $1\frac{1}{2}$ מיליאָן פונט צו דעם $\frac{1}{2}$ מיליאָן, וועלכען מיר האָבען שוין — ווענינער ווי צו 1 דאלאר פון אַ מענשען — און דאן וועט דאס אַלטע און גרויסע טרויערשפיעל ענדערן זיין אויסזעהען און איבערגעהען אין אַ דראמע מיט אַ גליקליכען סוף. אַ פֿערלאָזענעס פֿאָלק לעבט אויף צוזאַמען מיט דעם פֿערלאָזענעם לאַנד. אַ מדבר בליהט ווי ארויז, און איין אַלט פֿאָלק ווערט צוריק יונג אין דער זיסער לופֿט פון פֿרייהייט און זיכערהייט.

וואָס פאַר אַ געלעגענהייט! ווי מיין פֿריינד זאנגוויל האָט געזאָגט אויף דעם מאקקאבעער מיטינג, איז עס ווערט צו טהון, אפילו אַלס פּראָבע. נאָר אונזערע נבירים האָבען גענוג וועגען ווי אויסצוגעבען זייער געלד.

ווען די גבירים אבער ווילען עס נישט טהון, דאן מוזען עס די מאססען טהון. די אקציעס פון דער באַנק בעטרעפען נישט מעהר ווי 1 פונט יעדערע. צי דורך די וועניגע אָדער דורך די מעהרערע, צי דורך יודען אָדער דורך אמת'ע קריסטען — דאס געלד מוז געשאפט ווערען. עס איז נישט צו גלויבען, אַז עס וועט אזוי נישט זיין.

די יודען וועלען דאן בעגעהען א זינד, וועלכע וועט זיי קיינמאָל נישט פערגעבען ווערען. זייערע תפילות וועלען הייסען אַ חירוף וגדוף. נאָר איך קען נישט גלויבען, אַז אַלע זייערע יאהרהונדערטע פון צער, אַז אַלע חלומות פון זייערע אבות זאָלען זיך ענדיגען מיט אזא מין קאָמעדיע און צביעות. נאָר לאָזט מיר בעסער לעבען מיט דעם געדאַנקען וועגען אַ פאָלק, וועלכעס וועט פאַרשטעלען דער גאַנצער וועלט אַ בילד פון גלענצענדען אידעאליזם.

## מען שרייבט אונז.

**אַ היגער פון נאוואסעלעץ** (בעס. גוב.): נאוואסעלעץ שטעהט פון איין זייט ביי דער עסטרייכישער גרעניץ און פון דער צווייטער זייט טהיילט די גרעניץ צווישען רוסלאַנד און רומעניען — דער טייך **פרוט**. פון לאַנגע, לאַנגע יאהרען וואָהנען דאָ יודען, דאָ געפינט זיך זעהר איין אַלטע שול, נאָך איהר אַלטער אַרחיטעקטור און נאָך די שניצערייי פון ארון קודש און בעלעמער איז צו דערקענען אַז די שול שטעהט שוין הונדערטער יאָהרען. אין „פּוליש“ שטעהט נאָך עד היום אַוועקגעלעגט אין דער זייט אַ נעגילטער הילצערנער עסטרייכישער אָדלער, דאָס ווייזט אַז נאוואסעלעץ האָט אַמאָל אין גאַנצען געהערט צו עסטרייך. איצט איז נאוואסעלעץ צוטהיילט אויף צוויי טהייל, איין העלפט געהערט צו רוסלאַנד, און די צווייטע צו עסטרייך.ביידע שטעדטליך טהיילט אָב אַ קליין לויפענדיג טייכיל. אין ביידע שטעדטליך וואָהנען דאָס מעהר יודען, וועלכע האַנדלען דאָס רוב מיט געטריידע, פּרוכטען און געהילץ. אַ גרויסער טהייל האָבען קלייטען מיט פערשיעדענע סחורות און אויך פיעל פערנעמען זיך מיט אַלערליי מלאכות. די איינוואָהנער פון ביידע נאוואסעלעצען פיהרען איין לעבען און האָבען איינס מיט דעם צווייטען פערשיעדענע מסחרים.

ביז איצט האָבען די רוסישע און יודישע גלייך מיט אַלע אַנדערע איינוואָהנער פון ביידע נאוואסעלצען געהאַט דאָס רעכט איבערצוגעהן די גרעניץ יעדען טאָג. מען דערצעהלט, אַז אין די אַמאָליגע יאָהרען, ווען קיין באהנען זענען נאָך ניט געוועזען און דער קייזער ניקאָלייי דער ערשטער און נאָכהער אלכסנדר דער צווייטער זענען געפאָהרען איבער נאוואסעלעץ קיין אויסלאַנד, האָבען יודישע עקספעדיטאָרען געפיהרט איבער דער גרעניץ דעם באַגאַזש פון קייזערליכען הויף. עד היום לעבט נאָך אין נאוואסעלעץ אַ יוד, וועלכער דערצעהלט מיט שטאָלץ, אַז ער איז געוועזען אַמאָל איין עקספעדיטער פון קייזערליכען הויף. היינט שטעלט אייך פאָר, וואָס פאַר אַ רעש עס האָט אָנגעמאַכט צווישען די יודישע איינוואָהנער פון די ביידע גרעניץ־שטעדט, וואָס מען האָט די רוסישע יודען פערבאָטען איבערגעהן די גרעניץ. דער גאַנצער מסחר האָט זיך אָבגעשטעלט; די, וואָס קויפען איינס ביי דעם צווייטען סחורה אויף קרעדיט, האָבען אויפגעהערט צום טערמין צאָהלען, דער קרעדיט האָט אין גאַנצען אויפגעהערט און אין ביידע שטעדטליך האָט זיך אויסגעלאָזט די פרנסה.

דאָס שטעדטיל האָט ניט געפונען קיין אַנדער אויסגאַנג און אַרויסגעשיקט זיין ראַבינער ה׳ **פיינבערג** קיין פעטערסבורג, ער זאָל דאָרט חלאפאטשען פאַר דער רעגירונג, אַז מען זאָל ווידער ערלויבען איבערגעהן די גרעניץ לויט נאָך די רעכטע, וועלכע די דאָרטיגע יודען האָבען פון לאַנגע יאָהרען.

ה׳ פיינבערג איז שוין אַוועקגעפאָהרען קיין פעטערסבורג און די גאַנצע האָפנונג איז אויף זיין צוריק קומען מיט אַ גוטער ידיעה.

**ש. נ. פון נאוואגראד־וואהלינסק**: אין די לעצטע פיער־פינף יאָהר איז דער מסחר ביי אונז זעהר געפאַלען און דערי בער ליידען ביי אונז אויך די היגע בעלי־מלאכות, וועלכע געפינען זיך דאָ ניט וועניג. עס איז שרעקליך צו זעהן ווי פעהיגע בעלי־מלאכות מיט געזונדטע הענד צום אַרבייטען געהען אַרום טאָג טעגליך ליידיג. זייער לאַנג איז פיעל ערגער פון די נרעסטע אביונים. אַ געוועהנליכער אָרימאַן, ווען ער איז הונגעריג, שעמט זיך ניט בעטען הילף. אָבער אַ בעל מלאכה, וועלכער איז געוואָהנט צו מפרנס זיין די פאַמיליע פון זיין אַרבייט, וועט גיכער שטאַרבען פאַר הונגער איידער בעטען הילף, און אונזערע פערמעגליכע בעלי בתים פאַלט ניט איין, זיי זאָלען אליין זיי העלפען. דאָס הייסט געפינען מיטעל, אַז די בעלי מלאכות זאָלען פון צייט צו צייט האָבען האָטש צו ביסליך אַרבייט, ביז די שלעכטע צייט וועט איבערגעהן.

דערום איז קיין וואונדער, אַז פון אונזער שטאָדט האָבען פיעל בעלי־מלאכות אָנגעהויבען עמיגרירען קיין אַמעריקא. עס געהט ניט אַוועק דער טאָג, אַז עס זאָלען ניט אַרויספאָהרען עטליכע מענשען, צווישען די עמיגראַנטען געפינען זיך אויך פיעל ניט קיין בעלי־מלאכות, נאָר מענשען מיט געזונדטע הענד, וועלכע זענען גרייט זיך נעמען צו יעדער פּראָסטער אַרבייט. פיעל האָבען זייער בעל בתיש'קייט איבערגעלאָזט אויף הפקר און ניט פערקויפט, ווייל עס איז ניט דאָ, ווער עס זאָל קויפען.

ווער עס האָט ניט צוגעזעהן, ווי די עמיגראַנטען וואַרפען אַוועק זייער אייגענע איינגעזעסענע ווינקעליך, אום זיך אַוועקצולאָזען אין אַ פרעמד ווייט לאַנד, דער האָט קיין טרויער און צער ניט געזעהן, עס איז זיך ניט מעגליך איינצוהאַלטען פון טרעהרען צוזעהענדיג די סצענעס פון זייער אַוועקפאָהרען.

**א. ג—ן פון סימפעראפאל**: די וויבאָרעס וועגען אַ נייעם ראַבינער דאַרפען זיך ערשט אָנהויבען צום סוף זומער און מחלוקת'ן מיט צדדים האָט זיך שוין פון אַ האַלב יאָהר אָנגעהויבען. עס האַלט שוין אזוי ווייט, אַז אויף דעם יעצטיגען ראַבינער האָט מען אַוועקגעשיקט אַ דאָנאָס, אַז צוריק **מיט צעהן יאָהר** האָט ער גענומען פאַר אַ מעטריקא 5 רובל.

דער פּראָצעס וועט, צו אונזער גרויסער שאַנדע, פאַרקומען אין סוד און דאָרט וועט גערעדט ווערען וועגען דער פראַגע, צי האָבען ראַבינער דאָס רעכט נעמען געלד פאַר מעטריקעס. אַלע זענען זיכער, אַז אונזער געשעצטער ראַבינער וועט פון סוד אַרויס אונשולדיג, נאָר דערווייל איז דער בזיון זעהר גרויס. אַלע זענען אויפגערעגט אויף די דאָנאָסטשיקעס וואָס האָבען אויפגעזוכט אויף דעם ראַבינער אַלטע חטאים. דאָס זעלבסט בעווייזט זיין אָרענטליכקייט, אַז די לעצטע צעהן יאָהר האָבען אפילו זיינע שונאים קיין איינציגען חטא אויף איהם ניט געפונען.

**פון אָדעס** האָט מען אונז צוגעשיקט דעם „חשבון פון דער ביבליאָטהעק פון דער חברה אָדעסער יודישע פריקאַשטשיקעס“. ווי מען זעהט פון חשבון טרעפט אָן די ביבליאָטהעק 25 טויזענד רובל. די ביבליאָטהעק פערמאָגט 20 טויזענד בענדער אויף פערשיעדענע שפּראַכען. עס ווערען אויסגעשריעבען 40 צייטונגען, צווישען ווי 4 העברעאישע און 1 זשאַרגאָנישע („דער יוד“). אַ שענע מתנה האָט דאָס יאָהר די ביבליאָטהעק בעקומען פון ה׳ באראם, וועלכער האָט איהר אַוועקגעשענקט זיין פאָטערס ביבליאָטהעק, וואָס בעשטעהט פון 463 זעלטענע אַלטע העברעאישע ביכער. הכנסה פון די אַבאָנענטען איז דאָס יאָהר געוועזען 4142 רובל 37 קאָפּ. אויף צו קויפען נייע ביכער זשורנאַלען און צייטונגען איז אויסגעגעבען געוואָרען 1343 רובל 34 קאָפּ. נייע ביכער זענען צוגעקומען 1967, אַרויסגעגעבען ביכער אויף לייענען זענען 59,090. אַבאָנענטען איז געוועזען 2298, אויסער פיעל אומזיסטיגע.

די ביבליאָטהעק עקזיסטירט שוין 25 יאָהר. געגרינדעט האָבען די ביבליאָטהעק אַ פּאָר מענשען צוזאַמען מיט ה׳ ש. ל. בערנפעלד. זיי האָבען צוזאַמענגענומען עטליכע צעהנדלינג ביכער און דאָס איז געוועזען דער ערשטער פונדאַמענט פון דער ביבליאָטהעק, אַ דאַנק איינינע ענערגישע מענשען ווי ה׳ ש. מוטשניק, נ. טאַרנאפאל און דעם גרינדער ה׳ בערנפעלד האָט די ביבליאָטהעק פון יאָהר צו יאָהר זיך פערגרעסערט, ביז זי איז געקומען צום איצטיגען גרויסאַרטיגען שטאַנד. אין דער פיהרונג פון די העברעאישע ביכער און פון ביכער אין אייראָפּעאישע שפּראַכען איבער האָס יודענטהום האָבען אַ גרויסען אַנטהייל גענומען די הערען: דובנאוו, גינצבערג און ראַווניצקי.

א. פיינגען שרייבט אונז פון אפאטאוועק (קאליש. גוב.), אז די רוסיש־פרייסישע גרעניץ, וועלכע איז געווען א פאר וואכען פערשלאסען פאר די רוסישע און אויסלענדישע יודען (וואס פאהרען מיט האלבפעסער), איז איצט ווידער געעפענט געווארען. דורך דעם זענען הונדערטער יודישע פאמיליעס, וואס וואהנען ביי דער גרעניץ און וואס לעבען נור פון דעם האנדעל מיט אויסלאנד, ניצול געווארען פון דער שרעקליכער ארימקייט, וועלכע איז זיי פארגעשטאנען.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — פון דעם לעצטען חשבון פון באראן הירש פאנד פאר יודישע שולען אין גאליציען זעהט מען, אז מען האט אין דעם פערגאנגענעם יאהר אויסגעגעבען 495,350 קראנען מיט וואס מען האט אויסגעהאלטען 50 שולען, וואו עס האבען געלערנט 9934 קינדער. אויף צו בויען די שולען האט מען בעשטימט 30 טויזענד פראנק.

— אינטערעסאנט איז די צאהל פון ארעסטאנטען אין די וויענער געפענגנישען. אין דעם 31־טען דעצעמבער 1900 האבען זיך געפונען אין וויען ס"ה 1150 ארעסטאנטען — קאטאליקען 991, פראטעסטאנטען 108 און יודען 23. אזוי קומט אויס, אז יודען פערברעכער רעכענען זיך נור 7 פראצענט, בעת יודישע איינוואהנער אין וויען זענען 9 פראצענט.

*** איין יובילעאום. פרייטאג ד' תמוז האט דער לעקטאר פון וויענער בית־המדרש, ה' מאיר פריעדמאן (איש־שלום) געפייערט זיין 70־יאהריגעם יובילעאום. פון פערשיעדענע יודישע קערפערשאפטען האט מען זיך אן דעם יובילעאום בעטהייליגט. בעזונדערען אנטהייל האבען גענומען די ציוניסטען, צו וועלכע רער בעריהמטער אלטער געלעהרטער געהערט מיט לייב און זעעלע, אין געגענטהייל פון אנדערע געלעהרטע זיינס גלייכען וועלכע שטעהען פון דער ווייטענס ארער ווילען פון ציוניזם גאר ניט וויסען. מאנטאג דעם 24 יוני האט דער „טהעאלאגישער פעריין", ד. ה. די תלמידים פון וויענער ראבינערסעמינאר געמאכט א עהרענ־באנקעט פיר זייער בעליעבטען לעהרער ביי וועלכען עס זענען געוועזען פיעל אנגעזעהענע געסט און געהאלטען געווארען פיעל רעדען, אם מייסטען ציוניסטישע, אויך ה' פריעדמאן זעלבסט האט אין זיין דאנקרערע בעטאנט זיין ציוניסטישע געזינונג און געזאגט אז זיין הארץ געהערט נור דעם יודישען פאלק, דער יודישער תורה און בעזונדערס דער יודישער יוגענד. אונטער די פיעלע טעלעגראמען וועלכע זענען אנגעקומען איז אויך געוועזען א טעלעגראם פון רעדאקציאן „השלח" אין וועלכער ה' פריעדמאן ארבייט מיט און פון פיעלע רבנים און יודישע געלעהרטע.

*** אויסצייכנונג. דער וויענער ראבינער ד"ר שמידל וועלכער האט ניט לאנג געפייערט זיין 80 געבורטסטאג האט בעקומען פון קייזער דעם „פראנץ־יאזעף־ארדען" אלס אנערקענונג פיר זיין עדלע טהעטיגקייט אין זיין לאנגיאהריגען ראבינער־אמט.

*** אנטיסעמיטיזם אין שולע. אין א לעמבערגער צייטונג דערצעהלט א סטודענט, אז ער איז געקומען איינשרייבען א יודישען שילער און דער דירעקטאר פון רעאל־שולע האט איהם נישט געוואלט געבען דעם נייטהיגען צעטעל אויסצושטעלען, מיט דעם תירוץ, אז ער וויל נישט ארייננעהמען קיין „עקסטערניסטען" (אזעלכע וואס האבען געלערנט אין דער היים און קומען זיך איינשרייבען אין א העכערע קלאס), וועלכע „בעטריגען די פראפעסארען!" דער סטודענט האט ערקלערט, אז דער שילער איז גוט פארבערייטעט און אז די עלטערן האט געקאסט אזוי פיעל מיה און איצט איז פאר זיי איין אומגליק, אזוי באלד דאס יונגיל ווערט נישט אנגענומען, נאר דער דירעקטאר האט איהם געענטפערט: „מיר בעדארפען נישט דא קיין „לאפסערדאקעס", עס איז קיין אומגליק אז ער וועט געהן זיין א „משרת"!" דער סטודענט פרעגט אין דער צייטונג, אויב דאס עסטרייכישע שולגעזעץ געהט אויס פון דער איבערצייגונג אז יעדער עקסטערניסט איז א שווינדלער, אויב דאס געזעץ שרייבט פאר אנצונעהמען נור א בעשרענקטע צאהל יודישע שילער אין די מיטעלשולען און אויב דער אפיציעלע נאמען פון יודישע שילער ביים לאנדעס־שול־ראט איז „לאפסערדאק" א. ד. ג.

ביי דעם דאזיגען דירעקטאר איז דאס שוין דער צווייטער פאל און מיר זענען נייגיעריג אויב ד"ר ביק, וועלכער האט פאראיאהרען ביי דער לעמבערגער אסיפה געזאגט, אז דאס יודישע אונגליק אין גאליציען איז, וואס די חסידים שיקען נישט די קינדער אין שולען, אויב דער ד"ר ביק אלס אבגעארדנעטער וועט אין רייכסראטה שטעלען די דאזיגע פראגען דעם אונטעררינכטס־מיניסטער וועלכע דער סטודענט שטעלט אין דער צייטונג און אויב ער וועט פאדערן א קלארע תשובה.

*

**רוסלאנד.** — ר' קלונימוס זאב וויסאצקי האט מנדב געוועזן 37,000 ר' אויף פערשיעדענע יודישע צדקה־חברות, וועלכע זענען בעשטעטיגט פון דער ממשלה.

— גוטע בשורות. אין פינאנצמיניסטעריום ווערען בעקלערט פערשיעדענע שאלות, וועלכע זענען נוגע דער האנדעלסבילדונג. צווישען אנדערעם וועט אויך בעקלערט ווערען די שאלה, צי מען זאל יודישע קינדער ארייננעהמען אין די האנדעלס־שולען אהן שום פראצענטען.

ווי די אדעסער צייטונגען זענען מודיע, האבען בדעה די פראפעסארען פון אדעסער אוניווערזיטעט צו סטארען זיך, אז מען זאל מבטל זיין די פראצענטען פאר יודען, וועלכע ווילען איינטרעטען אין אוניווערזיטעט, די אדעסער אבטהיילונג פון דער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען האט בעשלאסען צו סטארען זיך, אז מען זאל מבטל זיין די פראצענטען פאר יודען, וועלכע ווילען איינטרעטען אין מיטעל שולען און אוניווערזיטעטען.

— דעם „וואסחאד" שרייבט מען אויס קישינעוו, אז איצט קען מען שוין זיין זיכער, אז היינטיגס יאהר וועט זיין א גוט געראטעניש. נאר דערווייל כל זמן מען האט נישט אראבגענומען די נייע תבואה, איז די נויט זעהר גרויס. דער קאמיטעט, קוקענדיג אויף די פוסטע קאסע, מוז אלעמאל מעהר פערקלענערען די שטיצע, דער ארעמאן מוז אבער נעביך אויך ווייטער אנקומען צום בעטעלברויט אוןווארטען אויף מענשענס הילף. דער קאמיטעט האט געהאפט, אז ווי עס וועלען אויפקומען די פרוכטען וועט ער דארפען וועניגער געבען שטיצע, ווייל דער ארימאן קען עפיס פערדיענען פון דעם האנדעל מיט פרוכטען. נאר עס האט זיך אויסגעלאזט, אז וועגען דעם קאלטען פריהלינג זענען פיעל פרוכטען פערדארבען געווארען און דער האנדעל מיט זיי איז ניט, ווי מען האט פריהער געווארט. איצט זענען די מיטלען פון קאמיטעט אין גאנצען אויסגעשעפט און שטיצע מוז מען געבען וועניגסטענס ביז יולי. נאר אז עס וועט נישט זיין קיין געלד וועט מען נישט געבען...

— אין ביאליסטאק וועט געגרינדעט ווערען א תלמוד תורה מיט א האנדווערקשולע. פאר דער האנדווערקשולע ווערט אויסגעבויט א הויז פון דעם געלד, וועלכעס ה' וו. וויגאדסקי האט מנדב געווען. די ערשטע צייט וועלען ווערען געלערנט די מלאכות: שלאסעריי, דרעקסלעריי און שפינעריי.

— די צייטונג „קאווקאז" בריינגט אייניגע ידיעות וועגען דער צאהל פון רוסישע סעקטאנטען אין קאווקאז. אין טיפליסער גובערניע זענען דא סך־הכל 12,027 סעקטאנטען, צווישען זיי 169 מענשען, וועלכע פיהרען זיך יודיש. אין קארסקער אבלאסט זענען דא צווישען 11,336 סעקטאנטען 258, וועלכע פיהרען זיך יודיש, און 192 יעהאוויסטען (יהוה). אין עריוואנסקער גובער' — צווישען 5,066 סעקטאנטען — 1342 מאן, וועלכע פיהרען זיך יודיש, און 13 יעהאוויסטען. אין עליסאוועטפאלסקער גוב' צווישען 7179 סעקטאנטען 384 סובבאטניקעס (וועלכע האלטען שבת) א. ז. וו. סך הכל געפינען זיך אין זאקאווקאז רוסען סובבאטניקעס, יעהאוויסטען און אנדערע, וועלכע פיהרען זיך יודיש, 6207 מאן. בכלל איז קאווקאז ביז די 50־ער יאהרען געוועזען איין ארט צו פערשיקען סעקטאנטען.

— סענאטסערקלערונג. ביז אהער האבען זיך די גובערנסקע פראוולעניעס נוהג געווען, אז אויב זיי האבען ערלויבט יודען צו פערווייל̈ען א געוויסע צייט אין דערפער אלס ווינאקורען, בעלי־מלאכות, האלצהעקער, פריקאשטשיקעס א. ז. וו. האבען זיי געקענט דארט זיין נור אליין אהן זייערע ווייבער און פאמיליעס. איצט האט דער סענאט ערקלערט, אז זיי מעגען דארט זיין צוזאמען מיט זייערע פאמיליעס. (Восходъ 38.)

— דעם 3 יוני איז אבגעברענט געווארען דאס שטעדטיל פאקאטילאווא, אומאנער אויעזד. טויזענדער מענשען זענען פערארעמט געווארען און געבליעבען אהן ברוידט. דעם 2 יוני איז אבגעברענט געווארען דער גרעסטער טהייל הייזער פון שטעדטיל ליאזנא (מאהילעווער גוב'). 80 פאמיליעס זענען געבליעבען אהן ברוידט.

— דעם „בערלינער טאגעבלאט" דעפעשירט מען אויס זאוויסנא (אבערשלעזיען), אז די פעסטפארטרעגעלען, וועלכע מען האט לעצטענס איינגעפיהרט פאר יודען־סוחרים, הן רוסישע, הן דייטשע אונטערטהאנער, זענען בטל געווארען.

— דער „ווארש' דנעוו" איז מודיע אז די ווארשאווער ציוניסטען סטארען זיך וועגען גרינדונג פון אייניגע יודישע חברות מיט פערשיעדענע צוועקען. קירצליך וועט ווערען געעפענט אין ווארשוי איין אבטהיילונג פון דער פעטערבורגער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען. אויסערדעם האבען די ציוניסטען בדעה צו גרינדען אין ווארשוי א יודישען מוזיקאלישען פעריין לויט דעם מוסטער פון לאדזער, א היים פאר פרעמדע יודישע מיידליך און א יודישען קלוב פאר בעלי מלאכות.

*

**דייטשלאנד.** „עזרא". דער פעריין עזרא צו אונטערשטיצען די יודישע קאלאניזאציאן אין ארץ ישראל און אין סוריען האט אבגעהאלטען דעם 24־טען יוני זיין יעהרליכע אסיפה כללית, אויף וועלכער עס זענען אויך געקומען די דאצענטען דר. בראנזאון לאקער פון ברעסלוי. דער פרעזעס הערר מ. דארן האט אבגעגעבען חשבון איבער די ארבייט פון פעריין אין דעם פערגאנגענעם יאהר. די צאהל פון די חברים האט זיך פערמעהרט, די הכנסה האט דערגרייכט די סומע פון 16,000 מארק, פון וועלכע מען האט בעשטימט 12,000 מארק פאר די קאלאניע „מחנים", 2400 מארק פאר די ארבייטערקאלאניע „עזרא", 1000

מאַרק פאַר „בני יהודה". דער רעדנער האָט אויפגעוויזען אויף די ווייטערדיגע אויפגאַבען פֿון דעם פֿעריין און האָט געענדיגט מיט דער ביטע, מען זאָל זוכען נייע פֿריינד און חברים פאַר דעם פֿעריין. אין די ויכוחים, אין וועלכע עס האָבען זיך בעטהייליגט די הערען וו. באַמבוס, דר. ה. הילדעסהיימער, פּראָפעסאָר וואַרבורג, איז אויפגעוויזען געוואָרען מיט דאַנק אויף די אַרבייט פֿון יק"א אין ארץ ישראל. דער אַנטראַג, וואָס איז געשטעלט געוואָרען פֿון דר. גוסטאַוו קאַרפּעלעס אַרויסצוגעבען פֿון צייט צו צייט בראָשיורען איבער די קאָלאָניזאַציאָן פֿון ארץ ישראל, איז אָנגענומען געוואָרען בדעה אחת. אין קאָמיטעט זענען ווידער אויסגעקליבען געוואָרען דער קאָנזול פֿרידעמאַן, וו. באַמבוס, דר. קאַספּאַרי, איזראַעל, לעווענטהאַל און פּראָפ. וואַרבורג.

*

**שווייץ.** — די יודישע געמיינדע אין ציריך האָט זיך געווענדעט מיט אַ ביטע אין דעפּאַרטאַמענט פֿון די שולען, אַז מען זאָל יודישע קינדער בעפֿרייען שבת פֿון שריפֿטליכע אַרבייטען, נאָר זייער ביטע האָט מען אָבגעזאָגט.

*

**פֿראַנקרייך.** — די „חברה חברים כל ישראל" אין פּאַריז האָט צוזאַמענגערופֿען אַ אסיפה וועגען דער לאַגע פֿון די רומעניש יודען.

אין דער אסיפה האָבען אַנטהייל גענומען דעלעגאַטען פֿון פֿערשיעדענע לענדער. פֿון לאָנדאָן קלאָד מאָנטעפֿיאָרע און לוזאַדע, פֿון בערלין — ד"ר קאָפּ, ד"ר הילדעסהיימער און ד"ר גאַטאַן, פֿון פֿראַנקפֿורט ד"ר פּלאַטקע, פֿון וויען — וואַרמאַן און אַנדערע. עס זענען אויך געוועזען דעלעגאַטען פֿון רומעניען. אַלס פּרעזידענט איז אויסגעקליבען געוואָרען נאַרסיס לעווען. אַלע, אָהנע אויסנאַמע, האָבען אַרויסגעזאָגט זייער מיטפֿיהלען זייערע אומגליקליכע רומענישע ברידער, וואָס זייער לאַגע ווערט וואָס אַמאָל ערגער.

די אסיפה איז געקומען צו דעם בעשלוס, אַז אַזוי ווי ביי דער חברה האָט זיך שוין אויסגעלאָזט דאָס געלד, וואָס זי האָט בעשטימט צו העלפֿען די רומענישע יודען זאָל מען זיך ווענדען צו אַלע יודישע געמיינדען, מען זאָל צושיקען געלד, אום זיי ווייטער צו העלפֿען אין די שלעכטע צייטען, וועלכע האָבען קיין ענדע ניט.

פֿון דער אסיפה האָט מען פֿיעל מעהר און גיכער מיטעל ערוואַרטעט, ווי זיך ווענדען צו יודישע געמיינדען, זיי זאָלען שיקען געלד...

*

**אזיען.** — פֿאָריגעס יאָהר איז געגרינדעט געוואָרען אין קליינאַזיען מיט הילף פֿון פּראָפֿעסאָר מ א ר ב ו ר ג די קאָלאָניע „ק ר א ל - ה ע ר מ א ן". איצט שרייבט פֿון דאָרט דער פֿערוואַלטער פֿון די קאָלאָניעס אין קליינאַזיען ה' ק א ל ו א ד י ס ק י, אַז אין דער קאָלאָניע „קראַל-הערמאַן" געפֿינען זיך 30 פֿאַמיליעס, אויף וועלכע מען האָט לעת-עתה אויסגעגעבען צו 1.000 פֿראַנק אויף יעדע פֿאַמיליע, און עס איז צו האָפֿען אַז אויסגעבענדיג העכסטענס 1500 פֿר' אויף יעדע פֿאַמיליע וועלען די קאָלאָניסטען האָבען אַלעס נייטהיגע און קענען לעבען במנוחה. דאַן וועט יעדער קאָלאָניסט פֿערמאָגען צו 2 פּאָר אָקסען, 2—3 קיה, 20—30 שעפּסען, וועלכע ברענגען איין אַ שענע הכנסה. די קאָלאָניסטען זענען זעהר פֿלייסיג און טהוען אַליין די שווערסטע אַרבייט.

---

## די היים.

(נאכאַהם נג).

אַט הער איך ווידער אַ היימישעם ליעדעלע;
אַט זעה איך ווידער דעם עירוב, דעם צוים —
ביסט דו דאָס טאַקע מיין יודישעם שטעדטעלע?
אַדעראַיך זעה דיך אין טרוים?

אַט שטעהט דאָס שילעכיל, נאָהענט נעבען גראַבען דאָרט,
פֿענסטער צובראָכענע, קרומלעכע ווענד, —
שטיבליך — קבֿרימליך, דעכליך געזונקענע, —
ווידער האָב איך אייך דערקענט!

אַט שטעהט די קרעטשמע — אַ חורבה אַ מויעריל,
הקדש און בעדעלע, אַלץ ווי געווען;
קליינינקעס, אָרימעס, יודישעם שטעדטעלע,
לאַנג האָב איך דיך ניט געזעהן!

זאָג מיר, וואו זענען איצט מיינע חבֿרימליך?
לעבען זיי, האַנדלען זיי, זענען זיי טויט?
זינג פֿון דעם וויעגעלע, זינג פֿון דעם ציגעלע,
זינג פֿון דער יודישער נויט!

ס'ציהט ניך מיין ליעדעלע אַ מעלאַנכאָלישעם,
טרעהרעליך הייסינקע אָהן שיעור;
און פֿיעל ערינערונגען, קינדערשע, הערליכע,
לעבען אין האַרץ אויף ביי מיר.

ניו-יאָרק. יוסף יפה.

---

## ווער איז שולדיג?

(פֿון אַטאָג-בוך)

(ענדע).

מיך האָט עס פֿערדראָסען: נאָך וואָס האָט ער געברויכט מיר אַרויסצוכאַפּען די שוועבעליך פֿון דער האַנד? נאָר אַז איך האָב געקוקט אויף זיין פּנים, וואָס איז געוואָרען עפּיס אַזוי פֿרום און צופֿרידען מיט זיך נאָך דעם דערלאַנגען די שוועבעליך, האָב איך מיר אַזוי געטראַכט: ער האָט דערפֿון אַ גרויסע הנאה: שטעלט צופֿרידען אַ גוט געפֿיהל זיינס, וואָס טרייבט איהם טובות צו טהון; איך וואָלט דערפֿון נישט קיין הנאה געהאָט,— קומט אויס, אַז אין תוך אַריין האָב איך נישט פֿאַר וואָס בייז צו זיין. עס קען זיין אַז ער שטעלט נישט צופֿרידען דאָס געפֿיהל זיינס, נאָר נאַרט עס אויס; קאָסטען קאָסט דאָס דאָך נישט איהם: די שוועבעליך זענען מיינע.

דאָס איז געווען פֿרייטאָג. פֿינקעלמאַן, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט לשון-הקדש'ע לעקציאָנען, איז שוין געווען פֿריי. ער האָט זיך געלעגט אויפֿ'ן בעטיל און געלעזען עפּיס אַ פּאָר צושיטע רוסישע בלעטער פֿון איין אַלטען זשורנאַל. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז די בלעטער האָט ער געפֿונען אין אַ געוועלב, וואו זיי זענען געברויכט געווען אויף פּאַק-פּאַפּיער, און ווייל ער לערנט זיך רוסיש און האָט אַ רוסיש ווערטערבוך, האָט ער זיי אָבגעקויפֿט פֿאַר 3 קאָפּ.

— אַ שוואַרץ יאָהר! — האָט ער געזאָגט, דערצעהלענדיג מיר וועגען דעם,— נור אויסצורייסען יענעם! אַ גאַנץ פֿונט פּאַק פּאַפּיער קויפֿט מען פֿאַר 3 קאָפּ. זעהט מיין ליעבער פֿריינד (ער האָט די בלעטער מיר דערלאַנגט אין דער האַנד אַריין) זעהט, ס'וועגט אין גאַנצען אפֿשר אַ פֿיערטעל פֿונט,— נור אויסצורייסען יענעם!

און ביי די לעצטע ווערטער האָט ער אַזוי פֿערקרימט זיין פּנים אַז ס'איז באמת אַ רחמנות געווען צו קוקען אויף איהם.

ער איז געלעגען און האָט געלעזען הויך אויפֿ'ן קול, און אַלע מינוט געפֿרעגט איין אַנדער וואָרט. דער אַרטיקעל, וואָס ער האָט געלעזען, איז געווען איין עקנאָמיש-סטאַטיסטישער. ער האָט גאָר ווייניג פֿערשטאַנען דעם אינהאַלט און ער האָט דערפֿון געהאַט גרויס עגמת-נפש. איבריגענס, קאָן איך נישט וויסען: אמת, אַז זיין פּנים איז געוואָרען זעהר ערנסט, זעהר פֿערזאָרגט און בעטענדיג, ווען ער האָט עפּיס געפֿרעגט און אויסגעהאָרכט מיין ענטפֿער; נאר איך ווייס נישט, צי האָט ער זיך אין אמת אַריין אַזוי פֿיעל מצער געווען דערפֿון, וואָס ער פֿערשטעהט נישט, צי האָט ער גלאַט אַזוי געוואָלט נישט דורכלאָזען די צייט, וואָס איך פֿערברייננ מיט איהם אין איין שטוב, אָהן נוטצען, קלערענדיג ביי זיך אַזוי: „וואָס שאַדט עס מיר, אַז איך וועל וויסען? עס קאָסט מיך עפּיס געלד?" דער פּנים זיינער האָט דערביי אָנגענומען די ערנסטע פֿערזאָרגטע מינע גאָר ניט ווילענדיג: נישט טראַכטענדיג וועגען דעם, האָט ער אוודאי געפֿיהלט, אַז מיט אַזאַ מינע וועט ער ווירקען אויף מיין נאַריש האַרץ, און ער וועט מיך קענען פֿרעגען און איבערפֿרעגען, וויפֿיעל ער וועט וועלען.

איך בין אָבער מיעד געוואָרען, ביי יעדען וואָרט האָב איך געברויכט אויסצורעדען זעהר פיעל, דערצו האָב איך מיך געמוזט היטען נישט צו בעניטצען אין מיינע רייד עפּיס אַזאַ וואָרט, וואָס פינקעלמאַנען קאָן עס אויסזעהן קליגליך. אַז נישט— האָט ער נעמאָמט אַ טענה וועגען דעם נייען וואָרט, וואָס ער האָט ערשט געהערט פון מיר. בעמערקט האָב איך אייגענטליך, אַז פעהיגקייטען האָט ער גאָר נישט קיין שלעכטע: זיין גמרא־קאָפּ האָט אַלץ תּופס געווען פלינק, געשיקט און אין תוך אַריין. נאָך יעדער ערקלערונג האָט ער געשמייכעלט און געדאַנקט אויף זיין לשון, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געצויגען מיט'ן שטערן, נור די אויגען זיינע האָבען געקוקט עפּיס אַביסיל מיט אַ קאַטצען־בליק, אַביסעלע פאַלש, איבערשפּיטציג אַזוי... און איך האָב מיך אייגענטליך אָנגעהויבען צו שעמען פאַר זיך אַליין, ווייל איך האָב מורא געהאַט, צי ער טראַכט נישט אַזוי: "רעדט, ליעבער יוד, עס קאָסט דאָך מיך און אייך קיין געלד נישט, רעדט אייך אַראָב פון האַרץ דאָס, וואָס איהר האָט דאָרט; ס'שאַדט נישט!"

כדי איך זאָל מיר פערלייכטערן די אַרבייט, האָב איך איהם פאָרגעלעגט דאָסטאָיעווסקי'ס אַ בוך צו לעזען: "דאָס פערברעך און די שטראָף", וואָס איך האָב געהאַט ביי מיר אין קעסטיל. פינקעלמאַן איז מיט גרויס פרייד אַראָבגעשפּרונגען פון קעסטיל, און מיט זיינע הענד האָט ער מיך אָנגעהאַפּט פאַר מיינע אַקסעל און מיך געטרייסעלט פאַר שמחה, זאָגענדיג און איבערזאָגענדיג עטליכע מאָל דעם שפּרוך זיינעם:

— ספּאַסיבאָ, ספּאַסיבאָ! ווי האַראָשי גאָספּאַדין!

הענד און פיס האָבען אונטער איהם געציטערט. געוואָרפען האָט ער זיך אין גאַנצען ווי אַ פיש, אַזוי איבערראַשט איז ער געווען.

צום קעסטיל האָט ער מיך נישט געלאָזט צוגעהן, ער האָט מיר אַרויסגעהאַפּט דאָס שליסעלע פון דער האַנד, אויפגעשלאָסען דאָס שלעסיל און גענומען רודערען ביי מיר אין קעסטיל. איך בין געשטאַנען ווי אַ גולם, ווי אַ קלאָטץ עפּיס, און בין בייז געווען אויף מיר אַליין. דער גאַנצער מח מיינער, אויב איך גערדיינק גוט, איז געווען פערשמיערט מיט א יי ן געדאַנק: "וואָס האַפּט ער עפּיס?! מיין קעסטיל, דאַכט זיך!" קריגען אָבער וויל איך מיך נישט. ער איז געזעסען אויף דער ערד, און איבערגעוואָרפען איין בוך נאָך דעם אַנדערען און אַלע מיינע זאַכען.

ער האָט גענומען לעזען דאָסטאָיעווסקי'ן, און ווידער האָט ער אָנגעהויבען צו פיּגען. כמעט ביי יעדער שורה האָב איך געהאַט אַ גערטהועכץ אויף עטליכע מינוט. איך האָב מיר אָנגעטהון מיין פּאַלטאָ און געוואָלט אַרויסגעהן, פינקעלמאַן האָט אויף מיר געקוקט מיט אַ געבעט:

— וואוהין געהט איהר? — האָט ער מיך געפרעגט.

— איך ברויך אַוועקצוגעהן.

— זעהט נור, — האָט ער גערעדט וויינענדיג,— אַ גאַנצע וואָך האָב איך קיין צייט נישט צו לעזען; פון אין דער פריה ביז אויף דער נאַכט בין איך פערטהון. 10 לעקציאָנען האָב איך... זיצט אין דער היים! זעהט נור, וואָס שאַדט עס אייך? איהר זייט דאָך אַ גוטער הער! זעהט נור, וואוהין געהט איהר?

איך האָב אָבער דוקא געוואָלט אַוועקגעהן: מיך האָט פערדראָסען אויף איהם: וואָס האָט ער מיך צו פרעגען, וואו אַהין איך געה? און פינקעלמאַנ'ען, האָב איך געזעהן, האָט עס אויך שטאַרק פערדראָסען אויף מיר. ער האָט געביסען די ליפּען, ווי איינער, וואָס מען האָט איהם אַ גרויסע עולה געטהון, און קאָן זיך נישט אָבוועהרען. געקוקט האָט ער אויף מיר אַביסיל מיט פערוואונדערונג, אַביסיל מיט בעדויערונג.

געטראַכט וועגען מיר האָט ער אַוודאי אַזוי: "וואָס פאַר אַ שלעכטע מענשען עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט! מען קען אַ טובה טהון און ס'זאָל נישט קאָסטען קיין גראָשען געלד, און מען טהוט נישט!"

אַז איך בין צוריקגעקומען אין עטליכע שעה אַרום, איז פינקעלמאַן נאָך געלעגען אויפ'ן בעט און ער איז זעהר פערטיעפט געווען אין לעזען. ער האָט אַפילו נישט געהערט, אַז איך בין אַריינגעקומען. דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך דעמאָלס נישט גערעכענט, אַז אַ בוך זאָל קענען דעם מענש אַזוי אינטערעסירען. זיין פּנים האָט געהאַט אַ שטרענגען אויסדרוק, אַוודאי ווי ראַסקאָלניקאָוו בשעת ער האָט געהרגעט. עס איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז פערטהון איז נישט יעצט זיין זכרון, פאַר וועלכען ער זוכט נייע רוסישע ווערטער, נאָר עפּיס אַנדערש גאָר לעזט ער יעצט און עס איז פערטהון — די נשמה זיינע. איך האָב מיך שטיל אַנידערגעזעצט ביים טיש. פּלוצלינג האָט ער שווער אָבגעזיפצט, אויפגעהויבען די אויגען, און אַז ער האָט מיך דערזעהן, איז ער אַראָבגעשפּרונגען פון בעט און צוגעלאָפען צו מיר. ער האָט נישט געקענט רעדען: דאָס בוך האָט איהם געמוזט זעהר שאַרף אַריינקריכען אינ'ם האַרץ. דערנאָך האָט ער פערקרומט די ליפּען. געוואָלט האָט ער אַוודאי שמייכלען, נאָר אַרויסגעקומען איז גאָר עפּיס אַנדערש. איך ווייס נישט, ווי מען רופט עס אָן? גלאַט אַזוי: "אַ פערקרימעניש"? "אַ ביטער פערקרימעניש" אפשר?

י ע צ ט האָט ער גערעדט יודיש:

— אַ ממזר־קאָפּ! אַ גנבה'ישער קאָפּ! — האָט ער גערעדט און געטייט מיט'ן פינגער אויפ'ן בוך, וואָס ער האָט געלאָזט ליעגען אויפ'ן בעט — אַ ממער־קאָפּ! אַ שוואַרצע גבורה האָט ער! אַ! אַז איך וואָלט געקענט אַזוי שרייבען!

איך האָב מיך פעראינטערסירט.

— וואָס וואָלט געווען? האָב איך געפרעגט.

מיין פראַגע האָט געווירקט אויף איהם, ווי קאַלט־וואַסער אויף איין איבערראַשטען קאָפּ. ער האָט נישט באַלד געענטפערט. איך האָב מיך משער געווען, אַז ער זוכט יעצט אַליין אין זיין מח עפּיס איין ענטפער אויף די פראַגע, אַז ער ווייסט באמת נישט יעצט צו ענטפערען צו וואָס עס טויג דאָס צו קענען שרייבען אַזאַ בוך? נאָר נאָך אַביסיל טראַכטען האָט ער געפונען. ער האָט געשמייכעלט און געזאָגט שטיל, אָהן ענטציקונג שוין:

— אַ־אַ! אַז איך וואָלט געקענט אַזוי גוט שרייבען — וואָס מיינט איהר, מיין ליעבער פריינד? וואָלט איך נישט דאַ געזעסען! וויפיעל קען ער נעמען פאַר אַזאַ בוך? ער לעבט נאָך? אַוודאי אַפאָר 100 רובעל, מיין ליעבער פריינד! איך וואָלט באַלד געבראַכט אַהער מיין ווייב: ווי איהר זעהט מיך! וואָס מיינט איהר? אַ שען ווייבעלע, איך זאָג אייך— אַ־ציאַצקע"... שענער פאַר אַלע...

ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין מיאוסע רייד, וואָס איך וויל נישט דאָ איבערחזר'ן. ער איז דאַכט זיך ליידענשאַפטליך; קאַרג איז ער; זיין בלוט צורייצט זיך גאָר לייכט,— און ער ליידט זעהר דערפון...

פון די איבריגע רייד זיינע בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז ער האָט אַ ווייב עפּיס אין אַקליין שטעדטיל אין ליטאַ, איך געדענק נישט ווי זי הייסט · און אַז ער וויל זיך גט'ען מיט זיין ווייב, ווייל מען האָט איהם נישט געגעבען דעם נדן. דאָס ווייב גופא האָט ער ליעב; זי איז עפּיס גאָר אַ שענע, לויט ווי ער זאָגט. נאָר דעם שווער האָט ער זעהר

פיינד, ווייל ער האט איהם אויסגענארט און נישט געגעבען קיין גראשען פון די 300 רובעל, וואס מען האט איהם צוגעזאגט.

פינקעלמאן זאגט, אז ער מוז זיך נוקם זיין אין זיין שווער און גט'ען דאס ווייב: לאז ער מיט איהר טהון, וואס ער וויל — איך בין מיך משער, אז עס געהט איהם נישט בלויז אין נְקָמָה־נעמען: די 300 רובעל, וואס ער האט נעקענט האבען, דריקען איהם אויפ'ן הארץ — ער האט מיר נאך דערצעהלט, אז ער האט שוין געהאט א קינד מיט איהר, נאר ס'איז געשטארבען. דאס קינד האט ער נישט געזעהן, ווייל ער איז באלד נאך דער חתונה אוועקגעפאהרען, ווען ער איז נור געוואהר געווארען, אז דער שווער איז א גרויסער ארימאן און איז נישט אין שטאנד צו געבען אפילו איין רובעל. געקומען איז ער אויפ'ן בְּרִית, נישט גערעדט מיט קיינעם, נור א נאמען געגעבען און אוועקגעפאהרען. די קינדפעטארען, בין איך מיך משער, האט געמוזט שטארק וויינען דעמאלס.

און אז ער האט גערעדט פון קינד'ס טויט, האב איך בעמערקט, אז ער איז צופריעדען דערפון, וואס דאס קינד איז געשטארבען. רעדענדיג וועגען דעם מיט מיר, האט ער זיך אפילו ארויסגעחאפט מיט א "סלאווא באגו" (געלויבט איז גאט), נאר אין מיטען האט ער זיך אוודאי דערמאנט, אז ער איז צופיעל אפענהארציג מיט מיר, און ער האט דאס ווארט "באגו" פערשלונגען. איך פערשטעה, אז דער טְעוּת זיינער קומט דערפון, וואס ער רעדט רוסיש; ווייל ער מוז שטארק ארבייטען מיט'ן קאפ זיינעם, אום ער זאל זיך קענען אויסדריקען אויף א פרעמדער שפראך, דעראיבער פערגעסט ער זיך אין מיטען. און צופריעדען פון קינד'ס טויט איז ער איבער גאר א פשוט'ען טַעַם: דער גֶט וועט איהם אנקומען גרינגער.

דאס אליץ בין איך געוואהר געווארען נאך פאר 3 וואכען פרייטאג, ווען איך האב מיך דא אריינגעצויגען. פון דעמאלס אן האב איך נישט אפט מיט איהם לאנג גערעדט: א גאנצע וואך איז ער טאקי פערנומען פון 9 אין דער פריה ביז 10 אויף דער נאכט, ער האט 10 לעקציאנען אויף פערשידענע גאסען, פרייטאג־שַׁבָּת זיטץ איך וועניג אין דער היים. און פינקעלמאן איז אויף מיר זעהר בייז. ער לעזט דעמאלס און וויל, אז איך זאל א גאנצען טאג זיטצען ביי איהם און אויסרעדען די רוסישע ווערטער — ער האלט מיך אין אמת ארייין פאר א שלעכטען מענש. וואס קאן איך טהון? וואלט א יֹשֶר געווען צו דינגען אן'אנדער דִירָה.

אין דער פריה געהט ער אוועק, ווען איך שלאף נאך. אויף דער נאכט קומט ער אהיים שפעט, זיפצט אב אפאר מאל און הויבט זיך אן צו קלאגען אויף די בעלי־בָּתִּים, וואס רעכענען אויפ'ן רוסישען חֹדֶש, וואס איז גרעסער פאר'ן יודישען און דעסגלייכען אזעלכע זאכען. ענדיגען ענדיגט ער שטענדיג מיט דער אייגענער מעשה פונ'ם בַּעַל־הַבַּיִת, וואס איז איהם שולדיג געבליבען פאר 2 חדשים 8 רובעל, און ער, פינקעלמאן, מאהנט איהם נישט, ווייל ער ווייסט, אז ער איז ארים... אזוי זאגט פינקעלמאן; ווייס איך, צי ער זאגט אמת? נאר קוים האלט ער ביי דער מעשה, ווייס איך, אז ער ענדיגט שוין, אז ער געהט שוין עסען וועטשערע, און איך וועל נישט דארפען צוצושאקלען מיט'ן קאפ. איך מוז איהם גוט אויסהערען און צושאקלען מיט'ן קאפ, אז נישט—האט ער פאריבעל און קוקט אויף מיר אזוי מורא'דיג שלעכט, מיט פארוואורף און מיט רְצִיחָה אפילו... און איך קען דאס נישט ליידען. ער איז בִּכְלָל, אסך קאלטער צו מיר, ווי ער איז געווען, האטש רוסישע ווערטער פרעגט ער און דאנקט אליץ מיט'ן אייגענעם לשון און שפרינגט אונטער, נאר אין זיין הארץ האט זיך שוין אסך שִׂנְאָה אנגעזאמעלט קעגען מיר.

אין עסען זיינעם דערקענט מען גוט, אז ער איז געווען א יְשִׁיבָה־בָּחוּר און האט לאנג געגעסען טעג. ער קוקט אזוי לאנג אויפ'ן ברויט, איידער ער עסט עס, לאזט קיינמאל נישט איבער, שמאצקיעט מיט'ן מויל, אקוראט ווי דאס עסען וואלט ביי איהם שטענדיג געווען א שווער עִנְיָן, איבער וועלכען דער מֹחַ זיינער האט אסך געארבעט. איך מיין נישט ווי אזוי צו קריעגען עסען: אויף דעם קלעהרט דאך יעדער; איך מיין: דאס עסען אליין, דאס איבערטראגען די שפייז פון טיש אין מויל ארייין. דאס טהוען דאך מענשען כְּסֵדֶר אהן טראכטען און קלעהרען; א ישיבה־בחור מוז אוודאי קלעהרען און עסען.

איינמאל (אויב איך האב קיין טעות נישט, איז עס געווען פאר 10 טאג) קומט ער אהיים עפּיס זעהר לוסטיג, ער האט שוין געהאלטען גרייט די הענד ארויפצולעגען אויף מיינע אקסעל, נאר ער האט זיי צוריקגענומען. ער האט זיך אניעדערגעזעצט, געקוקט מיר לאנג אין די אויגען ארייין עפּיס גאר ערנסט און אביסיל מיט א געבעט.

— פאר וואס זענט איהר מיר א שלעכטער פריינד? — האט ער געפרעגט.

איך האב פערשטאנען, אז ער וויל עפּיס פון הארץ ארויסרעדען, עפּיס גוטס, פרעהליכס, און מאכט דערצו איין הַקְדָמָה, איך האב איהם פערזיכערט, אז איך בין איהם נישט קיין שלעכטער פריינד.

— איהר זענט מיר א גוטער פריינד! האט ער געזאגט און איז אזוי ענטציקט געווארען, אז ער האט אנגעהויבען צו רעדען יודיש.

— זעהט איהר, איך האב באלד געוואוסט. איהר זענט אזא גוטער! איך האב אייך אזוי ליעב, מיין ליעבער פריינד! פאר וואס ווילט איהר מיך נישט לערנען רוסיש? — זעהט איהר? (ער האט ארויסגענומען א ביכיל פון דער רעגירונג'ס שפארקאס און מיר געוויזען), געלויבט צו גאט — שוין 50 רובעל. היינט האב איך אריינגעלעגט 10 רובעל. א! אז איך וועל אנזאמלען 100 רובעל?...

— וואס וועט זיין? האב איך געפרעגט.

— א־א! לאמיך נור האבען, איך וועל אוועק קיין אמעריקע.

— וואס טויג אייך אמעריקע?

ער האט פערגלייזט די אויגען, געמאכט א פרומע מינע און געזאגט:

— זעהט איהר, מיין ליעבער פריינד, איך האב ערשט היינט בעפוילען אהיים, אז איך פאהר קיין אמעריקא, און זי וועט בלייבען איין עגונה, לאז זי זיך גט'ען! וואס בין איך שולדיג?

איך האב פערשטאנען, אז אין אמת ארייין וויל ער נישט פאהרען קיין אמעריקא, נאר ער זאגט אנדערע און רעדט זיך אליין אזוי איין, כְּדֵי זיין ווייב זאל זיך דערשרעקען און נעמען פון איהם א גט. ער דערצעהלט אוודאי יעדערען אזוי און הייבט אליין אן צו גלויבען דערינען. ער זאגט בכלל גאר וואויל ליגענס: מיט'ן פנים, מיט די הענד און מיט'ן הארץ אפילו. ער מאכט דעמאלס איין איינדרוק פון א קינד.

עס איז מיר אפילו א וואונדער און דאך איז עס אזוי: אז ער זאגט ליגען, האב איך איהם א סך ליעבער, ווי אז ער זאגט אמת. עס מוז זיין דעריבער, ווייל ער איז גאר צופיעל אפענהארציג, און אז ער רעדט א סך און ווייזט ארויס זיין פערברודיגט הארץ, איז שווער צו פערטראגען, און איך וואלט איהם דעמאלס 100 רוסישע ווערטער פערטייטשט, אבי ער זאל אנהויבען אביסיל ליגען צו זאגען, כדי די אויגען און דאס פנים זיינס זאלען ווערען ליבליכער.

יענע נאכט איז ער מיט מיר גאר גוט געווען: אפאר מאל מיך אנגענומען פאר די אקסעל און געטרייסעלט; נאר אסך מאל איבערגע־

חזר'ט: „ווי חאראָשי גאָספאָדין". אין מיטען די רייד האָט ער מיר דערצעהלט, אז פאַר 6 חדשים האָט מען איהם אהיימגענאָרט, מען האָט געקלאָפּט אַ טעלעגראַמע צו איהם, אַז די מוטער זיינע איז געשטאָרבען. דאס ווייב אין דער היים האָט איהם שטאַרק גענומען ביי'ם האַרץ, ער איז אפּאָר טאָג אין דער היים געזעסען און געוואָהנט מיט'ן ווייב... ער האָט שוין געוואָלט נעמען 200 רובעל, נאָר דער שווער מוז זיין אַ גרויסער אָרימאַן; מען האָט איהם גאָר נישט געגעבען, און ער איז צוריק אַוועק קיין ווארשא...

— איהר ווייסט, מיין ליעבער פריינד, — האָט ער צו מיר געזאָגט, ליעגענדיג אויסגעצויגען אויפ'ן בעט, און ער האָט דאָס פּנים פערקרומט פאַר גרויס נחת. די נאָז האָט דעמאָלס אויסגעזעהען נאָך שפּיטציגער, ווי זי איז. — איהר ווייסט, איך האָב מורא געהאַט, פערשטעהט איהר... עס זאָל נישט עפּיס געבוירען ווערען פון מיין אין־דער־היים־זיין..., אַניי קינד ברויך איך! איך ווייס שוין יעצט אויף זיכער. זעהט איהר? זאָגט, מיין ליעבער פריינד, נישט אמת? אַז ס'וואָלט עפּיס געווען, וואָלט זי דאָך מיר געשריבען אַז ס'איז... נישט אמת? נישט אמת? זאָגט מיין ליעבער פריינד!

ער האָט געבעטען ביי מיר איין הסכמה, אַז דאס ווייב זיינס טראָגט נישט.

— וואָס מיינט איהר? — האָט ער ווייטער געזאָגט און עפּיס אַ רייץ האָט פערצויגען די אויגען זיינע. — וואָס מיינט איהר? אַ וואויל ווייבעלע... איהרע באַקען צו קניפּען, איך זאָג אייך — אַ! אַ!

מיר האָבען נאָך אַ סך גערעדט. איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז היינט איין אפּיקורס, דאַווענט נישט אפילו. גערעדט האָט ער וועגען זיין אמונה מיט כעס, געזידעלט, אַז מען האָט איהם, אויסגענאַרט. אַ סך מאָל האָט ער איבערגעחזר'ט דאָס וואָרט „אָרמאַנשציקי" (אויסנאַרערס). ער האָט מיר אויך דערצעהלט, אז פאַר אַ יאָהרען ווינטער, ווען ער איז נאָך פרום געווען, האָט ער איבער דעם דאַווענען נישט געקענט אָננעמען אַ פריהמאָרגענדיגע לעקציאָן, און ער איז דערויף זעהר בייז. ער האָט אויסגערעכענט, אַז דורכ'ן זמן וואָלט ער געהאַט 24 רובעל. און היינט, צוזאַמען מיט די 50, וואָס ער האָט אויפ'ן ביכיל, וואָלט ער געהאַט 74 רובעל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

היינט אויף דער נאַכט 8 אַ זייגער, ווען איך בין אַ היימגעקומען, האָב איך מיך זעהר פערוואונדערט, וואָס איך האָב שוין געטראָפען פינקעלמאַנען און דערקענט אין זיין פּנים, אַז דאָס איז עפּיס נישט אַזוי גלאַט, ער האָט מיר אפילו נישט געענטפערט אויף מיין „גוטען אָווענד", אַזוי צוטראָגען איז ער געווען.

ער איז געזעסען ביי'ם טיש, זעהר געביסען די ליפּען און געררוועז זיך איבערגעזעצט אַלע ווײַלע אויפ'ן בענקיל. אין דער האַנד האָט ער געדרעהט עפּיס אַ פּאָסט־קאַרטיל. אויף מיר האָט ער אַלע ווײַלע אויפגעהויבען די אויגען, און אין זיין בליק איז געווען צו דערקענען אַ שווערער וועטהאַג, אַ האַרצקלעמעניש. איך האָב דערקענט, אַז ער האָט געוויינט, און אַז יעצט האַלט ער זיך קוים איין פון וויינען. איך האָב איהם געפרעגט:

— וואָס איז אייך פינקעלמאַן?

ער האָט מיר נישט געענטפערט, געמאַכט זיך נישט הערענדיג און געוואָלט רעדען גאָר פון איין אַנדערע זאַך:

— וואָס מאַכט איהר, מיין ליעבער פריינד?

נאָר די לעצטע ווערטער האָט ער נישט שאַרף אַרויסגערעדט. די טרעהרען האָבען איהם געשטיקט אין האַלז. ער אַליין האָט בעמערקט, אַז איך פיהל זיינע טרעהרען.

— אַ שוואַרץ יאָהר! — האָט ער אַ קלאַפּ געטהון מיט דער האַנד אין טיש, אַרויסגענומען דאָס בייטעלע, דורכגעצעהלט דאס קליין געלד, וואָס האָט זיך ביי איהם געפונען און איז אַראָבגעלאָפען פון די טרעפּ (מיר וואָהנען אויף'ן 4־טען שטאָק). אין אַ פּאָר סעקונדען אַרום איז ער שוין געווען און האָט שווער געעטהעמט: ער האָט אוודאי געמוזט גיך לויפען אַהין און צוריק. געהאַלטען האָט ער אין דער האַנד אַ דאָפּעלט־קאַרטיל, וואָס ער האָט געקויפט אין געוועלב.

ער האָט זיך אַניעדערגעזעצט ביי'ם טיש, גאָר נישט גערעדט און אָנגעשריבען אַדרעסען אויף דעם דאָפּעלט־קאַרטיל: איין אַדרעס, וואוהין ער האָט געברויכט: די אַנדערע אוודאי צו זיך. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון וועסטיל־קעשענע דאָס ערשטע קאַרטיל, וואָס ער האָט דערהאַלטען, און איך האָב בעמערקט, אַז ער לעזט עס מיט גרויס כוונה, יעדער שורה און יעדעם וואָרט בעזונדער. ער האָט שווער אָבגעזיפצט און גענומען שרייבען דעם בריעף. געשריבען האָט ער גיך מיט איין אימפּעט, ווי איינער וואָס איילט אַ משא פון זיך אַראָבצוואַרפען, און זיין פּנים האָט זיך מיט יעדער שורה געענדערט. איהם האָט געמוזט לייכטער ווערען אויפ'ן האַרץ פון שרייבען.

דאס אָנגעשריעבענע קאַרטיל האָט ער לאַנג געטריקענט איבער דער לאָמפּ, געדרעהט עס אַהין און צוריק, דערנאָך ערשט האָט ער עס אַניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש און געקוקט דערויף עפּיס מיט אַ מין בליק, וואָס איך ווייס נישט, ווי מען רופט איהם אָן. איך דערמאַן מיך יעצט, אַז ביי מיין טאַטענס טויט, יונגעלווייז נאָך, אַז מיין טאַטע איז שוין געווען צוגעשיט, איז דער שמש צוגעקומען צו אונז קינדער און האָט יעדען איינגעשניטען די קלאַפּע. מיין קלענערער ברודער, געדענק איך, האָט גענומען די צור סענע קלאַפּע אין דער האַנר, געדרעהט זי אַהין און צוריק און בעטראַכט פון אַלע זייטען, געקוקט אויף דער קלאַפּע האָט ער מיט דעמזעלבען בליק, וואָס פינקעלמאַן פאַר עטליכע שעה אויף דאס קאַרטיל: מיט אַ טיעפען אומעט נור אַ ביסיל פערוואונדערט: „ווי קומט עפּיס דו קלאַפּע דערצו?"

ער איז נאָך געזעסען א ביסיל און בעטראַכט דאָס קאַרטיל. דערנאָך האָט ער זיך פּאַמעליך אויפגעהויבען פון אָרט, צוגעגאַנגען צו'ם קעסטיל זיינעם און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּעקיל בריעף, צווישען וועלכע עס זענען געווען עטליכע דאָפּעלטע קאַרטליך. אַפּאָר בריעף האָט ער געלעזען. דערנאָך האָט ער דאס היינט אָנגעשריבענע דאָפּעלט־קאַרטיל צוגעלעגט צום פּאַק בריעף און האָט עס צוריק אַריינגעלעגט אין קעסטיל.

ער איז שוין געווען אַ ביסיל רוהיגער. דאָס קאַרטיל, וואָס ער האָט בעקומען איז נאָך געלעגען אויפ'ן טיש און ער האָט עס מיר דערלאַנגט מיט אַ גרויס געבעט אויפ'ן פּנים:

— לייענט, מיין ליעבער פריינד!

אין בריוועל שטעהט אזוי: (איך האָב עס יעצט פאַר מיינע אויגען).

„ליעבער, געטרייער מאַן יעקב יהודה נ"י.

„ערשטענס שרייב איך דיר פון מיין ליבען געזונד, דאָס נעמליכע „וואונש איך מיר צו הערען פון דיר ביז אייביג אמן סלה.

„צווייטענס שרייב איך דיר, איך האָב שוין נישט קיין כח צו וויי־„נען און איך האָב נישט געהאַט אויף אַ קאַרטיל, האָב איך מיר גע־

„בארגט. מיין ליעבער מאַן, וואָס בין איך שולדיג אַקעגען דיר. אַז איך
„וועל קומען קיין ווארשא, וועל איך עסען ברויט און זאַלץ און פּאַדלאָגעס
„וואַשען. און איך בעט דיך, שרייב איך זאָל קומען און שיק מיר אויף
„דער הוצאה. גאָט וועט דיר צושיקען ברכה און פּרנסה דורך מיר. איך
„שרייב שוין דאָס פינפטע קאַרטיל צו דיר, און איך האָב נישט קיין
„בריעף בעקומען. גאָט וועט דיר העלפען אין מיין זכות, און האָב רחמנות
„אויף מיר און אויף מיינע יונגע יאָהרען. אמן סלה.

„דיין ווייב, וואָס האָפט זיך צו זעהן מיט דיר,

„זעלדע פינקעלמאַן".

אין דער זייט איז צוגעשריבען מיט גאָר קליינע אותיות:

„מען האָט אונז פון דער דירה ארויסגעוואָרפען. שרייב איך זאָל
„קומען, איך וועל מיר שוין שאַפען אויף דער הוצאה. איך ווייס נישט,
„וואָס מען טהוט? דער טאַטע איז אַוועקגעפאָהרען, און איך שלאָף ביי
„רחל חנה'ס".

אַז איך האָב געענדיגט צו לעזען, האָט ער מיר לאַנג געקוקט אין די אויגען אריין. איך האָב פערשטאַנען, אַז ער וויל הערען פון מיר זיין משפט. ער האָט זיך געפיהלט זעהר זינדיג.

— נעמט זי קיין ווארשא, — האָב איך געפּרובט — וואָס וועט אייך דען קאָסטען טהייערער?

ער האָט מיך אָבער נישט געלאָזט ענדיגען.

— ווי הייסט?! אָהן אַ גראָשען געלד! דריי הונדערט רובעל האָט זי מיר צוגעזאָגט! וואָס האָט זי מיך געהאַט אויסצונאַרען? איך האָב 8 יאָהר געלערענט אין לאָמזע, 8 יאָהר! (ער האָט צוגעקלאַפּט מיט די פויסט אין טיש) אויף דער האַרטער באַנק געשלאָפען און געפאַסט האָב איך, און מיך האָט מען געשלאָגען! אַצונד פרעג איך אייך: צו וואָס? איך זאָל טהון אַ שדוך אָהן אַ גראָשען געלד! אָהן אַ גראָשען געלד!... האָב איך געבראַכט אַכט יאָהר פערשוואַרצט און פערפינסטערט צו ווערען, איך זאָל טהון אַ שדוך אָהן אַ גראָשען געלד, אָהן אַ גראָשען געלד!... אַז ער האָט אַ טאָכטער, בין איך שולדיג? נו, זאָגט אַליין, זאָגט אדרבא, וואָס בין איך שולדיג, אַז ער האָט אַ טאָכטער? וואָס בין איך שולדיג?

— זי איז דאָך אָבער אויך נישט שולדיג! — האָב איך געפּרובט.

פינקעלמאַן האָט מיר אַרויסגעחאַפּט זיין ווייב'ס קאַרטיל פון דער האַנד. איך האָב געזעהן, אַז אויפ'ן האַרץ ווערט איהם ווידער שווער. ער האָט נאָך אַמאָל אָנגעהויבען צו לעזען דאָס קאַרטיל, נאָר אין מיטען האָט ער זיך הויך פערוויינט:

— וואָס בין איך שולדיג?! — האָט ער געחליפּעט הויך אויפ'ן קול און צוגעקלאַפּט זיך מיט דער פויסט אין האַרץ. —

— וואָס בין א י ך שולדיג?!

ער איז צוגעלאָפען צום קעסטיל, אַרויסגענומען דעם פּאַק־בריעף, וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג געהאַט אַריינגעלעגט.

— זעהט, — האָט ער געזאָגט און מיר דער־לאַנגט דעם פּאַק־בריעף,— זעהט אַליין: שוין 10 בריעף האָב איך איהר געשריבען, אַז זי זאָל קומען! דאָפּעלטע קאַרטליך, זי זאָל צוריק שרייבען, ווען כ'זאָל זי אָבוואַרטען. דאָ ליעגען זיי — איך שיק זיי נישט אַוועק... איהר מיינט אפשר, איך האָב נישט געוואוסט, אַז איך וועל דעם היינטיגען בריעף נישט אַוועקשיקען? איך האָט געוואוסט! איך האָב דאָך געקענט אַוועקשיקען איין אַלטען בריעף! איך האָב געוואוסט... נאַ לייענט!

פון זיין קאַרטיל צו זיין ווייב, געדענק איך יעצט די ווערטער:

„מיין טהייערע נשמה— איך בין זינדיג קעגען דיר — מיין טהייער לעבען — קום לְמַעַן הַשֵׁם, באַלד צו פאָהרען — איך בענג זעהר נאָך דיר — איך קען אָהן דיר נישט לעבען — און נאָך אַזעלכע ווערטער.

— דאָס קאָסט מיך שוין מעהר ווי 50 קאָפּ', די בריעף! -- האָט ער געזאָגט. ער איז שוין געווען בערוהיגט און געגאַנגען עסען וועטשערע. —

— איך ווייס, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפען געלד, נאָר עס חאַפּט מיך אָן ביים האַרץ, מיין ליעבער פריינד, איך מוז קאַליע מאַכען געלד דערויף. פערשטעהט איהר, איך מוז אויסגעבען געלד... איך מוז... נו, זאָגט אַליין, וואָס ווילען זיי פון מיר האָבען? וואָס ביך איך שולדיג?

— איך האָב איהם נישט געענטפערט, ווייל איך האָב פערשטאַנען, אַז עס איז בְּחִנָּם; ער איז שוין יעצט געווען אין גאַנצען רוהיג און האָט געקוקט אויפ'ן ברויט און געלעגט די שטיקליך אין מויל אריין עפּיס מיט אַ מין צופריעדענהייט און זיסקייט, אַ שטייגער ווי ער וואָלט געווען איין אויסגעבעטענער בֶּן־יָחִיד אויף דער גאַנצער וועלט. ער האָט זיך באַלד אויסגעטהון און געלעגט שלאָפען. אויף די לעקציאָנען איז ער היינט נאָך מיטאָג נישט געווען. די דיענסט האָט מיר געזאָגט, אַז אַ גאַנצען האַלבען טאָג האָט זי איהם געזעהן לויפען איבער דער שטוב אָהין און אַהער און מורמעלן עפּיס פאַר זיך, ווי משוגע.

יעצט שלאָפט ער און חראָפּעט הויך. ער רינצעלט זעהר מיט'ן שטערן און שמאָצקעט מיט'ן מויל... וואָס חלומ'ט איהם? פון ווייב מיט די שענע באַקען, וואָס זיי צו קניפּען איז ביי איהם „אַ!"? און וואָס חלומ'ט נעבאַך, דעם יונגען ווייביל, וואָס שלאָפט יעצט אין איין איינגעבעטענער דירה, אויף דער ערד אוודאי? זיפצט זי אין שלאָף? בעט זי רחמים ביי דעם מאַן איהרען און שרייט געוואַלד: „איך בין דאָך גאָר נישט שולדיג!"?...

ווען איך וואָלט געוואָלט, קען איך צונעהן יעצט צו פינקעלמאַנען, אָננעמען איהם מיט מיינע הענד פאַר'ן האַלז און דער־ווערגען, ביז ער וועט די צונג אַרויסשטעקען. איך שטעל מיר פאָר, אַז אָנצושפּייען אַ מענשען אויף דער אַרויסגעשטעקטער צונג, בשעת ווען דאָס פּנים זיינס פערקרומט זיך אין דער גסיסה, מוז זיין אַ גרויס פערגניגען, אַזוי ווי אַלע גרויסע עֲבֵרוֹת...

און איך דערמאַן מיך זיין אויסזעהן, זיין וויינען און זיין קלאַפּען זיך אויפ'ן האַרץ: „וואָס בין איך שולדיג?" און איך טראַכט אַז דורך די 8 יאָהר אין דער ישיבה האָט ער זיך געמוזט אָנליידען אַסך נויט און הונגער און שאַנד; אַז נישט א י י ן טאָג האָט ער געהונגערט, נישט א י י ן נאַכט האָט ער נישט געהאַט, וואו צו שלאָפען, און פערטראָגען האָט ער אַלץ מיט איין איינגעבויגענעם רוקען. אַלץ פאַרליעב גענומען,— און אין זיין מֹח איז נור איין־און־איינציגער פרעהליכער געדאַנק געווען — אַ ווייב מיט נְדָן. זיין פאַנטאַזיע האָט גאַנצע 8 יאָהר געקושט דאָס ווייב, גאַנצע 8 יאָהר איבערגעצעהלט דאָס נדן־געלד, און געמאַכט דערמיט גרויסע, גליקליכע געשעפטען... און אין אמת אַריין הויב איך אָן מְסַפֵק צו זיין, ווער עס איז באמת דאָ שולדיג? צי ע ר, די נשמה זיינע די שלעכטע, צי די צרות זיינע די גרויסע, די ישיבה די פינסטערע?

און וואָס מיין איך דאָס: „די גַשְׁמָה זיינע"? — —

די לאָמפּ, דאַכט זיך, געהט אויס.

ה. ד. נאָמבערג.

---

## דער נייער ביכער־פערלאג „פראגרעס“.

א נייער ביכער־פערלאג! ער טראגט אויף זיך דעם קלינגענדיגען נאמען „פראגרעס“. אין א קורצע צייט האט ער שוין בעשענקט (?) דעם זשארגאנישען לעזער מיט דריי ווערק...

ביכער, וואס מען גיט ארויס פאר'ן פאלק האבען א סך סמנים. ערשטענס, ווערען זיי גערדרוקט אויף גראבע פאק־פאפיער, צווייטענס זענען זיי געוועהנטליך ניט אין האנד צו נעהמען, דריטענס זענען זיי וואלוועלע סחורה. ר' „פראגרעס“ האט זיך בענוגענט נור מיט די ערשטע צוויי סמנים. וואלוועל זענען זיינע ביכליך דערהויילע ניט, אפשר, אז זיי וועלען עטליכע יאהר אבפוילען אין די שטעלעכליך, וואס יודישע מוכרי־ספרים רופען זיי „קראמען“, וועט מען זיי פערקויפען ביליג א קאפעקע א פונט.

דאס פאדערבלאט פון „פראגרעס“ בייט זיך אין אלע פארבען: רויט, גרין, געל און אז מיר קוקען זיך צו נאהענטער דערזעהען מיר צוויי מעדאילען, און אונזער יודיש הארץ שפרינגט פאר שמחה, דאס מען האט אנגעהויבען צו בעשענקען מיט מעדאילען אונזער זשארגאנישע פאפולערע ליטעראטור. לסוף, אבער לאזט זיך אויס, אז עס איז גאר א אחיזות עינים, א טעות גמור. דער ערשטער פון די צוויי קרייזען נעהמט ארויס א גלאבוס, צוויי (!!) זייגערס און נאך עפעס וואס קיין מענשען־ראיה איז דאס ניט בכח צו בענעהמען. דער צווייטער ווייזט אונז עפעס א אנבליק פון א מענשען, וואס זיצט ביי א שרייבטיש און טענטעלט אויף א בלאט פאפיער. דער טיש האט מן הסתם שארפע קאנטען, ווייל ער האט דעם שרייבער זיך טיעף איינגעשניטען אין לייב, די וואנד פון שרייבערס צימער איז פערנומען מיט ביכער אדער מיט קאכלעס פון א אייוועז, דער שרייבטיש אליין איז א וואונדערבארע מלאכה, קיין סטאליער וועט דאס ניט קענען נאכמאכען, אזא טיש קען מען זיך נור פ א ר ש ט ע ל ע ן, און אויף אזא פארשטעלונג איז מעהר ניט מסוגל דער מאלער פון פערלאג „פראגרעס“. צווישעןביידע מעדאילען ציהט זיך א קופעל, פון וועלכער עס גיסען זיך בינדטליך שטראהלען. די שטראהלען זענען א משל, א גלייכנים צו דעם ביכער־פערלאג, וועלכער וועט בעשטראהלען דעם מוח פון פראסטען לעזער מיט'ן ליכט פון דער וויסענשאפט.

און ליכטיג ווערט מן הסתם אין מח פון לעזער בשעת ער לייענט דורך: „דער מענש איז שוין דער לעצטער רינג אין דער לאנגער קייט פון דעם טוישען דעם קערפערליכען פארם און גייסטליכען לעבען וואס אלע בעשעפענעסען טוישען זיך איבער“ („די געשיכטע פון דער מענשליכע ענטוויקעלונג“ זייטע 3), אדער „ווי דער מענש ווערט אבער גענויט צו זארגען וועגען זיין לעבענסמיטעל, דאן הויבט זיך אן די מלחמה צווישען איהם מיט דער נאטור, וועלכע ער פיהרט מיט די הילפע פון זיינע פערשטענדליכע (?) פעהיגקייטען און שטרעבט שטענדיג דערצו דאס ער זאל זיעגען די נאטור קרעפטע, אום די מענשהייט זאל זיך בענוצען מיט זיי פאר איהר געברויך, אלזא זעהען מיר (!), אז דאס ל ע ב ע נ ס פ ע ר ז א ר ג איז דער ערשטער טריט צו קולטור (זייטע 6), אדער: „דער היפך פון געוויקסשפייז האט ד א ס ע ר נ ע ה ר ע ן ז י ך פון פלייש געווירקט שלעכט אויפ'ן מענשען און זיין גייסטיגע ערציהונג“ (זייטע 33), אדער (זייטע 71): „נאך היינט אורטהיילען מיר דעם גייסטליכען (!) שטאנד פון א מענשען נאך דעם גענויט זיין (?) צו בענוצען זיך ביי רעדען מיט הענד“. — אויף זייטע 29 געפינט דער לעזער די דאזיגע ליכטיגע רייד: „כל זמן דער מענש האט זיך בעגנוגען בלויז מיט די פרוכט פון די ווילדע געוויקסע האט ניט געקענט זיין קיין רעדע פון קולטור, נאר ערשט דאן, ווען זארגענדיג, וועגען דעם צוקונפט (?!) האט דער מענש פונקט ווי די טהירען מיט זייער אינסטינקט זיך בעזארגט צו פערבעהאלטען די געוויקסע וועלכע וואכסען גאר א געוויסע צייט אין יאהר, אויף דער צייט ווען זיי וואכסען ניט און אזוי נאכהער ביסלעכווייז דערפון ערקלערט צו פערגראבען אין דר'ערד פרוכטבארע קערנער און ווארטען ביז זיי וועלען צייטיג ווערען האט זיך דאמאלסט גענלענט דער גרונד אויף וועלכען עס שטעהט די היינטיגע קולטור“.

דאס צווייטע ביכיל פון פערלאג „די געשיכטע פון דער מענשליכע ענטוויקעלונג“ איז א איבערזעצונג פון א איבערזעצונג. שטרייסלער האט פערפאסט א מיטעלמעסיג ביכיל אין דייטש, איז געקומען א רוסישער חכם און האט דאס איבערזעצט אין רוסיש. א. ברעסלער האט דעם חכם שטארק מקנא געוועזען, און, אזוי ווי ער קען קיין דייטש ניט, האט ער שוין פון רוסישען איבערזעצט אין זשארגאן. דאס הייסט, ער האט א שלעכטען מלבוש'ל צום צווייטען מאל איבערגעניצעוועט פאר'ן יודישען לעזער. א. ברעסלער קען מן הסתם קיין דייטש ניט, נאר ווען ער וואלט געוואוסט, אז ער קען קיין יודיש אויך ניט, וואלט ער אפשר זיך גענומען פאר א ניצליכערע ארבייט.

דאס ערשטע ביכיל פון „פראגרעס“ הייסט: „שטיינער וואס פאלען פון הימעל“ פון ב. פ. אין קורצען קאטאלאג, וואס „פראגרעס“ ניט דעם לעזער, דערגעהען מיר דאס ב. פ. איז פייגענבוים. פארוואס נעראדע האט מען אויסגעקליבען אזא טהעמא, ווייס איך ניט. מען קען מיינען, אז אין די ליטווישע גאסען פאלען כמעט אלע וואך שטיינער (מעטעאריטען) פון הימעל. און אפשר האבען די פראגרעסלייט געהאט גאר אינ'אנדער מיין? פאר פייגענבוים'ס ארטיקעל, וואס דרוקען זיך אין די אמעריקאנישע צייטונגען, איז מען ניט מחויב צו צאהלען, מען קען דערביי מאכען ניט קיין שלעכט עסק'ל...

איבריגענס, קיין גרויסע מציאה האבען זיי ניט געחאפט. דען אפילו פייגענבוים'ס ביכיל איז בעסער אויסגעשריבען פאר ברעסלער'ס (ערנער פאר ברעסלערן קען מען דאך, דאכט זיך, ניט שרייבען) פונדעסטוועגען איז דאס ביכיל זעהר שוואך. א גענויע פערשטענדליכע ערקלערונג קריגט דער לעזער ניט, ער דערנעהט נור א פאר וואונדערבארע מעשה'ליך און הערט עפים א שפאגעל ניי ווארט: „קאסמישער וואלקען“, קלערער ווערט אבער איהם ניט אין מח. א פראבע פון פייגענבוים'ס קלארע שפראכע קען מען געפינען אויף זייטע 24: אין אמת'ן איז קיין הימעל ווי די מענשען שטעלען זיך פאר ניטא. דאס בלויע, וואס מיר זעהען, איז ניט מעהר ווי דער קאליאר פון דער לופט. די ליכטשטראהלען, ווען זיי געהען דורך די לופט, ב ר ע כ ע ן זיך פונקט אויף אזא ארט ווי די ליכטשטראהלען וואס ש ל א ג ע ן ז י ך א ב א ן א בלויען קאליאר, דעריבער מאכען זיי אויפ'ן וועג דעמזעלבען איינדרוק, ווי א בלויער קאליאר. די בלויקייט זעהען מיר נאך אויף ד ע ם ע נ ד פ ו ן ד ע ר ו ו י י ט ק י י ט וואס אונזער זעהקראפטקען דערגרייכען (ניט דא איז דער פלאץ דאס צובעווייזען און דאס צודערקלערען)“. פייגענבוים איז אבער פיעל מעהר מסוגל צו שרייבען פאר'ן פאלק, ווי ברעסלער. לויט איך געדענק האט ער געשריבען א סך בעסערע פאפולערע זאכען, און ווען „דער פראגרעס“ האט שוין זוכה געווען מן ההפקר, דרוקט שוין יא אב אמעריקאנישע ארטיקלען, פאר וואס האט ער ניט אויסגעקליבען א

בעסערע אַרבייט פֿון פֿייגענבוים׳ס פֿעדער? נאָר דער תירוץ איז פּשוט די „פּראָגרעסלייט" זענען ניט די ריכטיגע מענשען הערויסצוגעבען אַ פּאָפּולערוויסענשאַפֿטליכע ליטעראַטור פֿאַר׳ן יודישען פֿאָלק: פֿרעגט זיי בחרם, וואָס מען דאַרף און ווי מען דאַרף דאָס טהון.

דאָס דריטע ביכיל פֿון „פּראָגרעס" איז „דער בלינדער מוזיקאַנט" פֿון קאָראָלענקאָ. איבערזעצט פֿון רוסיש, איבערגעדרוקט (מן הסתם) פֿון אַ אַמעריקאַנישען בלאַט.

דער געדאַנק אַרויסצוגעבען קאָראָלענקאָס פּראַכטפֿאָלעס ווערק פֿאַר אונזער פּראָסטען לעזער איז אַ אויסגעצייכענטער. דאָס ווערק האָט אין זיך אַ סך ריינע הויכע פּאָעזיע, דערצו האָט עס אַ גרויסען וויסענשאַפֿטליכען אינטערעס, ווייל עס זוכט פֿונאַנדערצוגליעדערן די נשמה פֿון אַ מענשען, וואָס איז געבאָרען געוואָרען מיט איין חוש ווייניגער, ווי אַנדערע מענשען. קאָראָלענקאָס בוך איז גלייכצייטיג אַ פּאָפּולערוויסענשאַפֿטליכעס ווערק.

צום אונגליק אָבער איז די איבערזעצונג זעהר ניט געלונגען. זי איז אַרויס טרוקען און אָהן שום גלאַנץ פּאָעזיע, דערצו קאָסט זי נאָך צו טהייער, אַז דאָס פֿאָלק זאָל דאָס קענען קויפֿען. 35 קאָפּ. פֿאַר אַ איבערגעדרוקט ביכיל פֿון 106 זייטען אויף שלעכטען פּאַפּיער מיט דרוקפֿעהלער אויף איטליכער דריטער שורה איז צו טהייער.

נאָר לאָמיר אָוועקלייגען די „פּראָגרעס-לייט" אָן אַ זייט. זיי אינטערעסירען אונז ניט מעהר. דאָס, וואָס זיי זאָגען צו, וועלען זיי האַלטען. אין אַמעריקאַ איז גענוג אָנגעדרוקט, אַז מען זאָל דאָס קענען איבערדרוקען. פֿאַר דרוקפֿעהלערן האָבען זיי קיין מורא ניט, פּאַקפּאַפּיער פֿעהלט גאָט צו דאַנקען ניט, און די טייערע פּרייזען, וואָס זיי שטעלען וועלען ברייננען דערצו, אַז מען וועט זיי סיי ווי סיי ניט קויפֿען. עס איז מעהר ניט אַ רחמנות, וואָס מענשען האָבען זיך גענומען ניט פֿאַר זייער עסק און פֿערליערען אומזיסט צייט און געלד. איין ראַטונעק איז נור דאָ פֿאַר די פּראָגרעס-לייט: איבערצוגעבען זייער פֿערלאַג אין בעסערע הענד, גוטע ליטעראַרישע קרעפֿטען און ניט זשאַלעווען קיין געלד פֿאַר אָריגינעלע וויסענשאַפֿטליכע אַרבייטען פֿאַר׳ן פֿאָלק.

די פֿראַגע צו געבען ריכטיגע וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשטעלונגען דעם יודישען פֿאָלק איז איינע פֿון די שווערסטע.

געבען פּאָפּולערע ליטעראַטור איבער נאַטורוויסענשאַפֿטען איז כמעט אונמעגליך, ווייל יעדע וויסענשאַפֿט קען זיין פּאָפּולער ביז צו אַ געוויסער גרעניץ, ווייטער פֿון דער גרעניץ מוז מען שוין לערנען. דאָס הויפּט-אומגליק, פֿאַר וואָסימען קען די יודען ניט געבען קיין וויסענשאַפֿטליכע ביכליך, בעשטעהט אין דעם, וואָס אונזער פֿאָלק האָט ניט די אייראָפּעאישע שולבילדונג. אין חדר, די יודישע פֿאָלקסשולע, דערגעהט דאָס קינד ניט קיין זאַך וואָס האָט אַ שייכות צו דער נאַטור. ער זעהט קיין נאַטורערשיינונגען ניט אום זיך, און אויב ער זעהט וואָס, דערקלערט איהם דאָס קיינער ניט. פּאָפּולערוויסענשאַפֿטליכע ליטעראַטור מוז זיין געבויט אויף דער שולבילדונג, די פֿאָלקסשולע איז דער פֿונדאַמענט אויף וועלכען זי בויט איהר בנין. ווי שוואַך עס איז ניט די בילדונג אין דער פֿאָלקסשולע ביי אַנדערע פֿעלקער, קריגט פֿאָרט דאָס קינד אַ קליינע פֿאָרשטעלונג פֿון באָטאַניק, זאָאָלאָגיע, מינעראַלאָגיע, פֿיזיק און חעמיע, איך רייד שוין ניט פֿון אַנדערע זאַכען. אין שול ווייזט מען איהם אַלערליי מעטאַלען, פֿלאַנצען, ער זעהט בילדער פֿון פֿערשיעדענע חיות, ער ווערט בעקאַנט מיט דעם בנין פֿון אַ מאשינע א.ז.וו. דעריבער איז שפּעטער מעגליך די פֿעהיגערע פֿון פֿאָלק צו בילדען מיט פּאָפּולערער ליטעראַטור.

ביי יודען איז דאָס אונמעגליך. איך מיין, אַז די וואָס ווילען איצט בילדען דאָס פֿאָלק זאָלען אָוועקלייגען אָן זייט די פּאָפּולערע ליטעראַטור, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט נאַטורוויסענשאַפֿטען און זעהן, ערשטענס צו רעפֿאָרמירען די חדרים, מאַכען זיי אייראָפּעאישער אין דעם זין ווי מיר האָבען אויבען גערעדט און צווייטענס, גרינדען אָווענדשולען, שבת-שולען, האַלטען פֿאָרלעזונגען פֿאַר׳ן פֿאָלק מיט דער הילף פֿון בילדער-קאָרטען, פּפֿלאַנצען, מעטאַלען א.ז.וו.

די פּאָפּולערע נאַטורוויסענשאַפֿטליכע ליטעראַטור וועט אונז היינט קיין נוצען ניט ברייננען. עס איז׳ אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבייט. קיינער לייענט זי ניט, און דער וואָס לעזט זי פֿערשטעהט זי ניט. אמת, אַז מען וואָלט פֿאַרלייענען מיט די נייטהיגע בעווייזמאַטעריאַלען, וואָלט דאָס ברייננען נוצען. קיין פֿערלאַג אָבער קען מען נאָך אויף דעם ניט גרינדען.

איך מיין, דאָס די פּאָפּולערע ליטעראַטור דאַרף זיך געהמען צו אַנדערע אַרבייטען. זי דאַרף בויען אויף די קענטניסען, וואָס דער יונגיל האָט געקראָגען פֿון חדר. דער יודישער חדר גיט אייך בילדונג, נאָר די בילדונג איז אַ מאָראַליש-רעליגיעזע, אויסער דעם גיט זי שוואַכע קענטניסע פֿון דער העברעאישער שפּראַכע מיט דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור. אַלע ביכליך, וואָס מאַכען לייכטער צו פֿערשטעהן פֿראַגען פֿון מאָראַל, פֿון רעליגיאָן א. ד. גל. וועלען אַריין אין פֿאָלק, ווערען געלעזען און מען וועט זיי פֿערשטעהן. אַ גרויסע וויכטיגקייט וואָלטען געקראָגען וויסענשאַפֿטליכע ביכער איבער די ביבלישע צייט, איבער די עטוויקלונג פֿון נביאות ביי יודען, איבער איטליכען נביא בעזונדער א.ז.וו.; לעבענסבעשרייבונגען פֿון מענשען, וואָס שטעהען נאָהענט צו די צייטען פֿון אונזער חז״ל, וואָלטען געקענט ברייננען אַ גרויסען נוצען, זיי וואָלטען ענטוויקעלט דאָס היסטאָרישע געפֿיהל פֿון לעזער, זיי וואָלטען געוויזען ווי עהנליך זענען די אינטערעסען פֿון אַלע גרויסע מענשען אין געוויסע צייטען.

די ביאָגראַפֿיע פֿון סאָקראַטעס (הערויסגעגעבען, פֿון גאָסעלניק) איז נייטהיג. דאָס וואָס פּראָגרעס קלייבט זיך אַרויסצוגעבען דאַרווינ׳ס ביאָגראַפֿיע איז אַ אומזיסטע אַרבייט. דאָס פֿאָלק וועט דאָס ניט פֿערשטעהען.

נאָר אויסערדעם וואָס דאָס פֿאָלק טרעט אַריין אין לעבען מיט די שוואַכע קענטניסען פֿון חדר, אויף וועלכע מען קען מיט נוצען ווייטער בויען, איז דאָס פֿאָלק קיין קינד ניט. אַ טהייל פֿון פֿאָלק געהערט צו אַלע צייטען צו געוויסע פּאַרטייען. איטליכע פּאַרטיי אָבער טראָגט מיט זיך אַ סך לעבענספֿראַגען, האָט זיך איהר בילדונג, וועלכע זי פֿערברייטערט צווישען איהרע אַנהענגער, און בילדעט זיי אויס דורך דעם.

אויף דער בילדונג, וואָס די פּאַרטיי גיט דעם פֿאָלק, קען ווייטער בויען די פּאָפּולערע ליטעראַטור. עס זענען דאָ זאַכען, וואָס דאָס לעבען טייטשט איין בעסער ווי יעדער חדר. אַ פּראָסטער אַרבייטער דאַרף ניט לערנען פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אום צו פֿערשטעהן, דאָס זיך גוט אויסשלאָפֿען איז נייטהיג פֿאַר׳ן פֿאַבריקאַנטען ניט ווייניגער ווי פֿאַר איהם אַליין און דאָס דער היינטיגער אַרבייטער איז אויך אַ מין לעבענדיגע מאשינע א. ז. וו. דער פּראָסטער ציוניסט פֿערשטעהט, אַז די מענשהייט זאָרגט פֿאַר איהם זעהר ווייניג, אַז לעבען פֿריי ווי אַ נאַציאָן איז בעסער און געזונדער, ווי צו זיין נע־ונד, ער ווייס דאָס דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ אייביגע פֿראַגע, כל זמן יודען וועלען זיין אין גלות, אַז זיין לאַגע מוז ערגער, ווען עס וועט אַלץ מעהר וואַקסען די קאָנקורענץ.

די פאפולערע ליטעראטור, אויב זי וויל אז דאס פאלק זאל זי פערשטעהען, מוז זיך סטארען צו ענטפערען דעם לעזער אויף די לעבענספראגען, וואס אינטערעסירען איהם, און פון וועלכער ער האט שוין א ידיעה ניט לערנענדיג אין א חדר.

אויסערדעם דארף מען ניט פערגעסען, אז דאס פאלק בעשטעהט פון מענשען, וואס האבען ווייבער, קינדער, לעבען אין שלעכטע וואהנונגען, ליידען פון קראנקהייטען און גיבען אוועק א טהייל פון זייער פערדיענסט דעם דאקטאר און דעם פעלשער, דעריבער זענען פאר זיי וויכטיג און אינטערעסאנט אלע ביכער, וואס קענען האבען א שייכות צו זייער פאמיליען־לעבען און צו זייער אייגענער און זייערע קינדערס געזונדהייט.

ד״ר גאטליעב'ס אויסגאבען וועגען פערשיעדענע היגיענישע פראגען זענען דעריבער זעהר ניצליך און וואלטען נאך געוועזען א סך ניצליכער, ווען אנשטאט צו געבען מעדיצינישע קענטניסע, וואלט ער מיט דעם לעזער געפיהרט א טיעפערען שמועס וועגען לופט, וואסער און ליכטיגקייט און וואס פאר א שייכות זיי האבען צו דער מענשליכער געזונדהייט, ניט ווי א חעמיקער נאר ווי א היגיעניסט. מען דארף ניט פערגעסען די ערציהונג פון אונזער פאלק, מען טאר ניט פערגעסען אן חדר אונזערן, מען מוז האבען א ברייטען פרייען בליק אויף די לעבענסאינטערעסען פון פאלק, אום מען זאל קענען שאפען א גוטע פאפולערע ליטעראטור פאר דעם יודישען לעזער, אום מען זאל טרעפען צו געבען דאס וואס ער איז בכח צו בענעהמען. ניט קאטיק און ברעסלער, ניט גאסעלניק, ניט דער פערלאג „פראגרעס" וועט דאס אונז געבען. אום צו שאפען די נאציאנאלע ארבייט פון פאלקסערציהונג, מוזען זיך נור נעמען דערצו די בעסטע פון פאלק, און אלע צוזאמען.

אויסערדעם איז נאך דער פעהלער פון אלע די פריהערדיגע הערויסגעבער, דאס זיי האבען וועניג פערשטאנען צו שעצען די נאציאנאלע זייטען פון יודישען לעבען. עס איז מערקווירדיג, ווי זיי האבען האלד איבערזעצונגען. זיי פערשטעהען ניט, דאס פאפולערע ליטעראטור פאר'ן פאלק (עס איז דא אויך פאר געבילדעטע אזא ליטעראטור, ווי העלמהאלץ'ס, ווירהאוו'ס, קאהן'ס ווערקע א.ז.וו.) מוזען זיין ארי גינעלע ארבייטען, בעזונדערע פאר יודען, וועלכע האבען אנשטאט א פאלקסשולע דעם חדר פאר זיך. „די געשיכטע פון א שטיקיל ברויט", וואס א פראנצויז האט געשריבען פאר זיין פאלק וועלכעס האט נעענדיגט א שולע, אייביג געלעבט ארום פעלדער און גערטנער, נעבען מאשינען און עלעקטריציטעט, קען ניט ווערען איבערזעצט פאר דעם יודען, וואס קען נור מעביר זיין די סדרה, עטליכע דינים פון היי־אדם און איינמאכען ציצית. — ווילען מיר שוין האבען א פאפולערע ליטעראטור, מוזען מיר זי אליין שאפען, אליין פערפאסען. די איבערזעצונגען וועלען אונז וועניג נוצען בריינגען.

די פראגע וועגען פאפולערע ליטעראטור איז איינע פון די שווערסטע. דער ציוניזם, וואס וויל בילדען דאס פאלק, מוז זיך מיט איהר בעשעפטיגען. מיט דער צייט וועט זי ווערען איינע פון די ברענענדיגע פראגען. דען פעלקער, ווי די דייטשען, א סך געבילדעטער פאר אונז געבען אוים אויף פאלקסבילדונג דורך פאפולערע ביכער גרויסע סומען געלד, ווי ווייט מעהר דארף דאס אינטערעסירען אונז, וואס האבען נאך אפילו ניט דאס צעהנטעל, וואס די דייטשען פערמאגען אין בילדונג.

דערווייל אבער ליגען די פאפולערע אויסגאבען אין די הענד פון מענשען, וואס ווילען אפשר גוטס דעם פאלק, ווייסען אבער ניט ווי זיך צו נעהמען דערפאר. —

בַּעַל־מַחְשָׁבוֹת

---

## ליטעראַרישע נייעס.

— די טעג איז ארויס פון דרוק אין דער רוסישער שפראך א זאמעלבוך פון ליטעראטור און קונסט אונטער דעם נאמען „הילף פאר די הונגערענדע יודען", „אין וועלכען עס האבען אנטהייל גענומען בערימטע אייראפעאישע שריפטשטעלער, קינסטלער און געלעהרטע: עמיל זאלא, געארג בראנדעס, מאקס נארדוי, אקאדעמיק יאנזשול, פראפעסאר טשופוראוו, פראפ. בוזעסקול פראפ. טשיטשערין, פראפ. טימיריאזעוו, פראפ. מ. קאוואליעווסקי, פראפ. פ. נאוואנאראדצעוו, פ. סטרובע, פראפ. סעטשענאוו, פ. אכנינסקי, פראפ. בולגאקאוו, פראפ. געריע, פראפ. סטאראזשענקא, פראפ. מעטשניקאוו, פראפ. טוגאן־באראנאווסקי און נאך אנדערע.

דעם בעלעטריסטישען טהייל האבען געשריעבען: קאראלענקא, גארין, מעלשין, ווערעסאיעוו, מאקסים גארקי און נאך אנדערע.

אין דעם קינסטלערישען טהייל זענען דא בילדער פון די בערימטעסטע רוסישע קינסטלער: רעפין, סעראוו, פאלענאוו, לעוויטאן, פאסטערנאק, ארחיפאוו, איוואנאוו און פערעפליאטשוקאוו.

דאס זאמעלבוך איז הערויסגעגעבען געווארען פון איין מאסקווער פעריין, אום צו העלפען די יודען אין בעסאראביען און אין דרום־רוסלאנד, וועלכע לעבען איבער שוין דאס דריטע הונגעריאהר.

— אין בערן איז געגרינדעט געווארען איין פעריין פון רוסיש־יודישע סטודענטען ארויסצוגעבען פאפולער־וויסענשאפטליכע ביכליך אין זשארגאן.

---

## נדבות:

### פיר בריסקער נשרפים:

פון ה' פייוויש לעווי — קלארעווקא, 1 ר״כ.

### פיר די הונגערליידענדע אין בעססעראביען:

פון ה' פייוויש לעווי — קלארעווקא, 50 ק״פ.

---

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

נומ' 3786 — מיראפאל: איהר האט נאך צוצוצאהלען ביז ענדע יאהר 1 ר״כ.

ה' מ. א. שוו—מן באראנאווקא: קוים האט איהר אונז נישט געשריעבען האבען מיר דאך נישט געקענט וויסען וואס ביי אייך איז „דער עיקר" און וואס איין — תפל. און די סומע געלד איז נישט געוועזען גענוג אויף ביידע צוואמען. איבערהויפט איז דאס נישט מעהר ווי דקדוקי עניות. — דער ס' „אגרת תימן" פעהלט לע״ע; שרייבט וואס צו טהון מיט די 40 ק'.

להאגדה הציונית בסטאלבצי: די חוברת ה' פון „בירוניקה" פעהלט אונז יעצט גראדע.

נ' 4480 — מיר האבען אייך איין 2־טען מאל געשיקט דעם נו' 18; פאר וואס איהר ערהאלט נישט — ווייסען מיר נישט.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Kraka.

יצא לאור ונשלח להחותמים

## „ה ד ו ר“ Nr. 26

וזה תכן עניניו:



## לחותמינו ולסוכנינו הנכבדים!

עם הגליון הזה, נו' 26, כלה זמן החתימה לאלה אשר חתמו על „הדור“ לחצי שנה מראשית שנת 1901 או לרבע שנה מראשון לח' אפריל, ומתכבדים אנחנו לבקש למהר לחדש את החתימה למען נוכל להוסיף לשלוח את העלים, עלה אחר עלה, שבוע בשבוע בלי הפסק.

הננו מבקשים את קוראינו לשים לב ל„ספור־המעשה“ אשר החלנו להדפיס בגליון 25 בשם

## ס פ ר ה ק ב צ נ י ם

(נ' כפופה)

מאת

מענדעלי מוכר־ספרים.

עוד דברים רבים טובים מאד כתובים ביד סופרים נודעים לשם וביד סופרים חדשים בעלי כשרון נמצאים תחת ידינו לתת לקוראינו בגליונות „הדור“ הבאים.

„הדור“ הולך ומתפתח, והתקוה הטובה שהקהל־הקורא יכיר פעלנו, היא הנותנת לנו כח ועוז ללכת הלאה בדרך אשר סללנו לנו: „על ידי הטוב — רגש וטעם בשביל הטוב“.

לכל החותמים החדשים אשר יתנו את ידם לנו מראשית הרבע הבא נשלח את התחלת הספור

## „ספר־הקבצנים“

אם יביעו את חפצם זה, חנם אין כסף.

כן מתכבדים אנחנו להעיר את אזן החותמים על ה„הנחה“ להותמי „הדור“ ו„השלח“ אשר עושה חברת „אחיאסף“ על רבים מספריה.

תנאי החתימה: באוסטריה־אונגריה: לשנה 14 קראָנען, לחצי שנה 7 קראָנען, לרבע שנה 3,50 קראָנען. ברוסיה: לשנה 6 רו"כ, לחצי שנה 3 רו"כ, לרבע שנה 1,50. באשכנז לשנה 12 מארק, באנגליה לשנה 12 שילינג. בשאר ארצות לשנה 17 פרנק. בארץ ישראל לשנה 15 פראַנק.

להחותמים על „הדור“ ו„השלח“ ביחד, יוזל המחיר בשני ר"כ

והיה המחיר: לשנה 10 ר', לחצי שנה 5 ר', לרבע שנה 2,50.

Издательство „АХIАСАФЪ“, Варава .

# געזעללשאפט „כרמל“, ווארשא

## פערקויף פון נאטירליכען וויין און קאניאק

וועלכע ווערען אויסגעארבעט אין באראן ראטהשילד'ס

וויינקעלערען אין די יודישע קאלאניעס אין ארץ ישראל.




גאלד-מעדאל פאריז 1900

אבטהיילונג פיר זיד-רוסלאנד אין **אדעסא.**



די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג' מלים:

Я. Нейдичъ Варщава.

---

**מ. א. טאגער, פעטערבורג.**

נעהמט אויף אויפטרעגע צו קויפען און פערקויפען פערשיעדענע וואארען און אויך פרישע פרוכטען.

אדרעס:

M. O. Тагеръ С. Петербургъ, Коломенская 23.

---

## צוקערניע ש. שפינעלגלאז

ווארשא, נאלעווקי Nr. 10

(פארמאלס איגעלזאהן) וועלכע עקזיסטירט זייט 18 יאהר. פון דער צייט און זייט איך האב זי איבערגענומען אונטער מיינע אויפזיכט האב איך פיעל פערבעסערונגען איינגעארדענט. רייך, כשר, בילig. בעשטעלונגען ווערען פינקטליך אויסגעפיהרט, היער און אויף דער פראווינץ. פיעלע ראנקען בריעפליך אויך מינדליך.

די צוקערניע בעזיצט 24 צייטונגען צום לעזען.

---

## !!מעבלירטע צימער!!

מוסטערהאפט זויבער און בעקוועם איינגעארדענט, אים פרייזע פון 50, 60, 75, 90, 1,25, 1,50 ביז 2 רו"כ א טאג, בארע-צימער (וואננעס), גאזבעלייכטונג, רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פרישע און שמאקהאפטע פון 35 קאפ. אן, סאמאווארען א 10 קאפ.

ה. דווארעצקי, סט.-יערסקא נו' 34.

Меблированныя комнаты
Х. М. Дворецкаго, Варшава
Св. Георгія 34.

---

ספעציעל גראוויר און התימות גוט און ביליג פערפערטיגע

**М. А. СЛОБОДСКІЙ**

Варшава, Гуся 5.

איך שיק אייך פר. פאסטנאכנאהמע.

---

ד א נ ט י ס ט

## בערלין-קרופיצקי, ווארשא

נאלעווקי נו' 7

ספעציאליטעט-קינסטליכע צאהנע קראנען און בריקען ארבייט (אהנע גומען).

!!רעפערירט אין 2 שטונדען!!

---

## אויפמערקזאם!!!

איך לערען בריעפליך אויך פערזענליך כעמישע ארטיקלען מיט וועלכע פון יעדער פון זיי קען מען פיין עקסעסטירען, פארערט גאנץ ווייניג קאפיטאל; אויך גיב איך איין אגענטורע פון א וויכטיג ארטיקעל, אייגענע פאבריקאציאן מיט זעהר גוטע קאנריציעס.

אנטווארט מיט רעטור פאסט.

Варшава, И. Матузону,
Дѣльная 18.

---

## אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דורך בריעפע

דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**
Варшава, Слизская 22.

---

☛ **ВНИМАНІЮ ЮВЕЛИРОВЪ!!!** ☚

Англійскія пружинки для вырѣзки металловъ, напильники и надфайля разныхъ нумеровъ и сортовъ, по самымъ умѣреннымъ цѣнамъ. Высылаю наложеннымъ платежемъ. **Л. Бреславъ, Варшава, Дикая 7** у г. Рапопорта.

---

ניי ערעפענטעס

## האטעל „РОССІЯ“ ווארשא

נאוואליפקי נו' 8

עלעגאנטע צימער פון 60 קאפ. און טייערער. באדעצימער, טעלעפאן, כשר'ה קיכע, קאנדיטעריי.

---

## וואונדערליך ביליג! ☛☚ א זעלטענער צופאל!



עהדער אנצוקלאפען אויפ'ן טהיר א וויזיט קארטע איז גלייכער צו בעשטעלען פיר זיך פאר א גאנץ ביליגע פרייז א נעגראווירטע מעשענע בלעטעל, מיט נאמען און פאמיליע, פיין געארבעט, און בעדעקט מיט שווארצע עמאליע — די גרייס 17 סאנטים. × 6 סאנט. קאסט איבעראל 3 רו"כ און ביי מיר 1·15 מיט צושטעלען צו הויזע. די פרייזען פון מיינע קאאוטשוק-סטעמפלען זענען אויסער קאנקורענץ: ניקלירטעס שרייב גיצייג מיט א קאאוטשוק סטעמפעל מיט'ן נאמען און פאמיליע, סטעמפעל אויף ליאק מיט 2 בוכשטאבען, פעדער, בליישטיפט 75 ק. מיט פארטא, אהן פארטא 40 ק., די וואס בעשטעלען 5 שטיק מיט איין מאל צאלען מעהר נישט צו 50 קאפ. מיט פארטא. בעשטעלונגען, געגען האנד-געלד פר. נאכנאמע.

אדרעס: ווארשא רימארסקא 3, וועליקסאהן. — אגענטען ווערדען געזוכט!

---

# ע ר ע פ נ ע ט

מיט דעם גרעסטען קאמפארט און היגיעניש איינגעריכטעט

☛ **איין נייע זאלל פיר התונות און בעלער** ☚

אונטערן נאמען „NOWA HARMONIA“

אין **ווארשא** גרזיבאווסקא Nr. 11 טעלעפאן Nr. 1443

אלס אמתיע פאבלייטע אין דיזער בראנזשע, נאך לאנגיאהריגען פראקטיק ביי דער פיהרונג פון איין זאלכער זאלל אויף דלוגא שטר. Nr. 12 טעלעפאן Nr. 1374 קענען מיר זיך דרייסט דעם געעהרטען פובליקום עמפפעהלען אז די סעודות און בעללער וועלכע ווערדען אין אונזערעם נייעם לאקאל געמאכט וועלען ענטשפרעכען דצן העכסטען וואונשען און דעם גוסט דעם געעהרטען פובליקום. ווי ביז אהער זא אויך פון נון ווייטער נעמען וויר אן בעשטעלונגען היזיגע און פון דער פראווינץ. וויר עמפפעהלען זיך דער ריקזיכט דעם געעהרטען פובליקומים און פערבלייבען אכטונגספאלל

**BRACIA IGALSOHN.**

**אנמערקונג.** קיינע קאנדיטארייען בעזיצען וויר ניט. וויר נעמען אן בעשטעלונגען נור אויף דעם אַרט מינדליך, בריעפליך אדער אויך פער טעלעפאן „Nowa Harmonia“ נומר 1443 אדער Nouveaute נומר 1374.

---

## פ ו ל ו ו ע ר Aragac (אראגאק).

אויס קאווקאזער געוויקסען, איין מיטעל צו פערטילגען פליגען, מאללען, קאראלוהעס, פליי און אנדערע ווערם.

פערקויף אין אלען אפאטהעק-מאגאזינען. פרייז 60 30 און 15 ק.

ווייל עס גיבט פילע געפעלשטע און נאכגעמאכטע, דאריבער זאל מען מערקען אויף דער עטיקעטע מיט איין בארג פון 2 שפיצען די אויפשריפטען: „די עטיקעטע איז בעשטעטיגט דורך דעם דעפארטאמענט פיר האנדעל און אינדוסטריע“

אויסשליסליכער פערקויף אויף פראווינץ פוילען אין דער אקציען-געזעלשאפט פיר כעמישע און אפאטהעקער אויסארבייטונגען פון

**הענריק וועלט. ווארשא, פרזעיאזד 5, אייגענעס הויז. טעלעפאן נו' 1059.**